ביאַליסטאָקער קהלה־ראַט.

ה. פראנק — און — ש. בלאַנקשטײן
פאַרוואַלטערס פון דער סטאַטיסטישער אָפּטיילונג ביים קהלה־ראַט.
— אין ביאַליסטאָק. —

# סטאַטיסטיק

פון דער

## באַװעגונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק

פאַר 10 יאָר:

1918—1909




(געבורטן, שטאַרב־פאַלן, חתונות, גט'ן).

12 טאַבעלעס און 22 דיאַגראַמען אויסערן טעקסט.

ארויסגעגעבן דורך דער קהלה־פאַרװאַלטונג אין ביאַליסטאָק

ביאַליסטאָק
1920.

# הקדמה.

סטאַטיסטיק, אַלס וויסנשאַפט, באַהאנדלט די געזעצמעסיגקייט אין געזעלשאַפטלאַכן לעבן. די פאַקטן, די געשעענישן מיט איין מענשן גיבן אונז אַ קנאַפּן באַגריף וועגן דעם לעבן פון אַ גאַנצן פאָלק, אָדער פון אַ טייל פון פאָלק. דורכן סטאַטיסטישן מיטל, דאָס הייסט: אויפקלייבנדיג אַ גרויסע צאָל פאַקטן און אויסדריקנדיג זיי אין מאַסן־צאָלן, באַקומען מיר ערשט די מעגלאַכקייט צו דערגייען די אינעווייניגסטע געזעצן פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן, פון זיין סדר. וואָס גרעסער ס'איז דער מאַטעריאַל, וועלכער ווערט נאָכגעפאָרשט, אַלץ גענויער און ריכטיגער קען פעסטגעשטעלט ווערן די אינעווייניגסטע געזעצמעסיגקייט אין סאָציאַלן לעבן. געפינענדיג דעם „דורכשניט" פון די ערשיינונגען באַקומען מיר אַ בילד פון אינעווייניגסטן סדר, וועלכן ס'שטרעבט צו אַנטדעקן וואָס גענויער און ריכטיגער די סטאַטיסטישע וויסנשאַפט.

די גרויסע באַדייטונג פון דער סטאַטיסטיק באַשטייט אין דעם, וואָס די צוזאַמענגעקליבענע גרויסע צאָלן וועגן אַ באַשטימטער ערשיינונג אין מענשלאַכן לעבן, ווי למשל: טויט־פאַלן, עמיגראַציע, פאַרברעכנס, אריינפיר פון סחורות א. ד. ג. שטויסן אונז אויף באַשטימטע רעיונות און קענען אונז געבן אַ גענויען באַגריף וועגן דער דאָזיגער ערשיינונג און וועגן די וועגן פון אַ פלאַנמעסיגער טעטיגקייט, וועלכע די ערשיינונג דאַרף אַרויסרופן ביי די אָנפירער פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן.

די סטאַטיסטיק פון דער באַפעלקערונג, די אַזוי גערופענע „דעמאָגראַפיע" פאָרשט אויס צוגלייך מיט דעם מצב פון דער באַפעלקערונג (דורך פאָלקס־ציילונגען, רעגיסטראַציע־אמטן וכדומה) אויך די „באַוועגונג" פון דער באַפעלקערונג די ה. יענע ענדערונגען אין דעם צוזאַמענשטעל פון דער באַפעלקערונג, וועלכע ווערן ארויסגערופן דורך חתונות, געבורטן און טויט־פאַלן (דערצו קומט נאָך צו די ווירקונג פון עמיגראַציע און אימיגראַציע). דעמאָגראַפיע בכלל און די סטאַטיסטיק פון דער באַוועגונג פון דער באַפעלקערונג בפרט, האָבן אַ געוואַלטיג־גרויסע באַדייטונג פאַר דער דערקענטעניש פון לעבן, ווייל דורך זיי באַקומען מיר דעם ריכטיגן בילד פון דער סאָציאַלער מאַסע, פון איר צאָל און צוזאַמענשטעל אין איינצעלנע שטעט, לענדער און פעלקער.

אַ באַזונדער אינטערעס האָט די סטאַטיסטיק פון חתונות צוליב דעם, וואָס זי באַרירט זייער אַ וויכטיגן ענין אין דער פראַגע פון „פרייהייט פון ווילן," אין דער חתונות־סטאַטיסטיק, ווערט, אזוי ווי אין דער „מאָראַל־סטאַטיסטיק"

# הקדמה.

סטאַטיסטיק, אַלס וויסנשאַפט, באַהאנדלט די געזעצמעסיגקייט אין געזעלשאַפטלאַכן לעבן. די פאַקטן, די געשעעניששן מיט איין מענשן גיבן אונז אַ קנאַפּן באַגריף וועגן דעם לעבן פון אַ גאַנצן פאָלק, אָדער פון אַ טייל פון פאָלק. דורכן סטאַטיסטישן מיטל, דאָס הייסט: אויפקלייבנדיג אַ גרויסע צאָל פאַקטן און אויסדריקנדיג זיי אין מאַסן־צאָלן, באַקומען מיר ערשט די מעגלאַכקייט צו דערגיין די אינעוויינינגסטע געזעצן פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן, פון זיין סדר. וואָס גרעסער ס'איז דער מאַטעריאַל, וועלכער ווערט נאָכגעפאָרשט, אַלין גענויער און ריכטיגער קען פעסטגעשטעלט ווערן די אינעווייניגסטע געזעצמעסיגקייט אין סאָציאַלן לעבן. געפינענדיג דעם „דורכשניט" פון די ערשיינונגען באַקומען מיר אַ בילד פון אינעווייניגסטן סדר, וועלכן ס'שטרעבט צו אַנטדעקן וואָס גענויער און ריכטיגער די סטאַטיסטישע וויסנשאַפט.

די גרויסע באַדייטונג פון דער סטאַטיסטיק באַשטייט אין דעם, וואָס די צוזאַמענגעקליבענע גרויסע צאָלן וועגן אַ באַשטימטער ערשיינונג אין [illegible]ישלאַכן לעבן, ווי למשל: טויט־פאַלן, עמיגראַציע, פאַרברעכנס, אריינפיר [illegible]חורות א. ד. ג. שטויסן אונז אויף באַשטימטע רעיונות און קענען אונז [illegible] אַ גענויען באַגריף וועגן דער דאָזיגער ערשיינונג און וועגן די וועגן פון [illegible] פלאַנמעסיגער טעטיגקייט, וועלכע די ערשיינונג דאַרף אַרויסרופן ביי די אָנפירער פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן.

די סטאַטיסטיק פון דער באַפעלקערונג, די אַזוי גערופענע „דעמאָגראַפיע" פאָרשט אויס צוגלייך מיט דעם מצב פון דער באַפעלקערונג (דורך פאָלקס־ציילונגען, רעגיסטראַציע־אַמטן וכדומה) אויך די „באַוועגונג" פון דער באַפעלקערונג די ה. יענע ענדערונגען אין דעם צוזאַמענשטעל פון דער באַפעלקערונג, וועלכע ווערן ארויסגערופן דורך חתונות, געבורטן און טויט־פאַלן (דערצו קומט נאָך צו די ווירקונג פון עמיגראַציע און אימיגראַציע). דעמאָגראַפיע בכלל און די סטאַטיסטיק פון דער באַוועגונג פון דער באַפעלקערונג בפרט, האָבן אַ געוואַלטיג־גרויסע באַדייטונג פאַר דער דערקענטעניש פון לעבן, ווייל דורך זיי באַקומען מיר דעם ריכטיגן בילד פון דער סאָציאַלער מאַסע, פון איר צאָל און צוזאַמענשטעל אין איינצעלנע שטעט, לענדער און פעלקער.

אַ באַזונדער אינטערעס האָט די סטאַטיסטיק פון חתונות צוליב דעם, וואָס זי באַרירט זייער אַ וויכטיגן ענין אין דער פראַגע פון „פרייהייט פון ווילן," אין דער חתונות־סטאַטיסטיק, ווערט, אזוי ווי אין דער „מאָראַל־סטאַטיסטיק"

(ד. ה. סטאטיסטיק הענן פאַרברעכנס, זעלבסט-מאָרדן [illegible] אנפלעקט דער אינעווייניגסטער סדר אין אַזעלכע ערשיינונגען, וועלכע אויפן ערשטן בליק זעען זיי אויס ווי הפקרות. איינצעלנע יחידים האָבן התונה אויפן יסוד פון „פרייען" פריוואַטן ווילן און דאָך ווערט באשאַפן צום סוף פון דער בלומרשטער הפקרות פון אַלע יחידישע פאַקטן, אַ קלאָרע געזעצמעסיגקייט בנוגע צום כלל.

דער פאָרליגנדיגער בוך איז אַ פרוב צוזאַמענצוקלייבן אַ געוויסן סטאַטיסטישן מאַטעריאַל וועגן דער אידישער באַפעלקערונג פון איין שטאָט פון—ביאַליסטאָק אין אַ משך פון 10 יאָר און געבן אַ בילד פון דער „באַוועגונג" פון דער דאָזיגער באַפעלקערונג.

ביאַליסטאָק, פרילינג 1920.



# סטאטיסטיק פון דער באוועגונג פון דער אידישער באפעלקערונג אין ביאליסטאָק.

## פאר 10 יאר

## 1918—1909



די לעבנס־אומשטאַנדן ווירקן שטענדיג צום שטארקסטן אויף דער לאַגע פון דער באפעלקערונג, און די מלחמה, אלס אַ צושטאנד, וואָס אַנדערשט אינגאנצן איבער דעם נאָרמאלן לעבנס־גאנג, האָט געמאכט א מורא׳דיגן רושם אויף דעם מצב פון דער אידישער באפעלקערונג אין ביאַליסטאָק. מיר האָבן ־עריבער אויסגעפאָרשט די באוועגונג פון דער ביאַליסטאָקער אידישער באַ־ ־לקערונג באזונדער פאַר די צוויי גלייכע פעריאָדן צו פינף יאָר, פון וועלכע ־ ערשטער 1909—1913 איז אַ נאָרמאלער און דער צווייטער־1914-1918 ־מורא׳דיג שווערער און קריטישער. דורך דעם, וועלן נאָך בולטער קענען ־יסטרעטן די געזעצן פון סטאַטיסטיק פון דער באַפעלקערונג פאַר די אויגן ־דעם מענטשן, וואָס וויל דערקענען דאָס לעבן און דעם פאַרבאָרגע־ ־סדר אין די וויכטיגסטע ערשיינונגען פון דער עקזיסטענץ פון דער ־שליכער געזעלשאַפט: איר פאַרגרעסערונג און פאַרקלענערונג.

צום באַדויערן איז אונז געווי ניט באַקאַנט געווען די צאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק פאַר די דאָזיגע 10 יאָר, ווי אויך— די צאָלן פון דער סטאַטיסטיק פון דער באפעלקערונג ביי אנדערע טיילן פון דער ביאַליסטאָקער איינוואוינערשאפט. צוליב דעם איז ניט מעגלאך געווען

1) פעסטשטעלן די גענויע פאַרהעלטעניש פון דער צאל געבאָרענע, טויטע א. א. וו. ביי אידן צו דער אַלגעמיינער צאָל פון דער אידישער באפעל־ קערונג אין ביאַליסטאָק און

2) פאַרגלייכן די דאָזיגע פאַרהעלטעניש מיט די גלייכע ידיעות בנוגע צו אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן פון דער שטאָט־באַפעלקערונג. אַ סך אינטערע־ סאנטע אויספירן, וואָס וואָלטן געקענט געמאַכט ווערן פון אַזאַ פאַרגלייך, מוזן אין דעם בוך לגמרי פעלן.

די ערשטע פינף יאָר באַציהען זיך אויף א צייט, ווען ביאַליסטאָק האָט געהאַט ביי אן אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון קרוב 100 טויזנט נפשות אַן ערך 65—70 טויזנט אידן, אין דעם צווייטן פעריאָד פון פינף יאָר, וועלכער

נעמט אַרום די מלחמה צײַט, זײַנען אין שטאָט געווען נאָר 55—60 טויזנט אײַנוואוינער און פון זיי 40—45 טויזנט אידן. די רעעמיגראַציע פון דער ארויסגעפאָרענער אידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אין 1918 יאָר האָט ביז צום אָנהויב פון יאָר 1919 קיין מאַסן-כאַראַקטער ניט געטראָגן. דער יאָר 1918 איז, ניט קוקנדיג אויפן דײַטש-רוסישן שלום, געווען לויט זײַנע שווערע לעבנס-באַדינגונגען אינגאַנצן ענלאַך צו די פריערדיגע 3—4 מלחמה-יאָרן און ער געהערט דעריבער צוזאַמען מיט זיי צום פעריאָד פון מלחמה-חורבן, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן אינמיטן 1914.

די דאָזיגע ארבעט איז געמאַכט געוואָרן דורך דער סטאַטיסטישער ביורא ביי דער קהלה-פאַרוואַלטונג אין ביאַליסטאָק אויפן יסוד פון די מעטריקאַציע-ביכער, וועלכע האָבן זיך ביזן סוף פון יאָר 1919 געפירט בײַם „ראבינער" און זײַנען אַריבער אין יאָר 1920 אין רשות פון דער „מעטריקאַציע-אָפטיילונג" פון דער קהלה.



# 1. געבורטן.

## 1. פאַרטיילונג פון די געבורטן לויטן געשלעכט.

די איינשרייבונג פון די געבאָרענע אין די מעטריקאַציע=ביכער קומט פאָר ביי אידן, ווי באוואוסט, ניט זייער פינקטלאַך, דער עיקר, בנוגע צו די נייגעבאָרענע מיידלאך. דעריבער האָבן ניט די מאַטעריאַלן פון דער מעטרי= קאציע בנוגע צו דער געבורט=סטאטיסטיק, דעם געהעריגן ווערט פאר א וויסנשאפטלאכער באַארבעטונג און נאָר מיט א גאַנץ היפשער פאָרזיכטיגקייט קענען די רעזולטאטן געהאלטן ווערן פאַר מאָסגעבנדיג.

די אַלגעמיינע צאָל געבאָרענע לויט די יאָרן און געשלעכט ווערט קלאָר פון דער דאָזיגער טאַבעלע:

טאַבעלע 1. אַלג. צאָל פון געבאָרענע פאר די יאָרן 1909—1918.

| יאָרן | בסך-הכל געבארענע | דערפֿון אינגלאך | דערפֿון מיידלאך | % אינגל. | % מיידל. |
|---|---|---|---|---|---|
| 1909 | 922 | 571 | 351 | 61,9 | 38,1 |
| 1910 | 972 | 558 | 414 | 57,4 | 42,6 |
| 1911 | 977 | 578 | 399 | 59,1 | 40,9 |
| 1912 | 977 | 587 | 390 | 60,— | 40,— |
| 1913 | 933 | 541 | 392 | 58,— | 42,— |
| בסך-הכל פֿאר די יארן 1913-1909 | 4781 | 2835 | 1946 | 59,3 | 40,7 |
| 1914 | 920 | 555 | 365 | 60,3 | 39,7 |
| 1915 | 527 | 306 | 221 | 58,1 | 41,9 |
| 1916 | 452 | 266 | 186 | 58,9 | 41,1 |
| 1917 | 411 | 206 | 205 | 50,— | 50,— |
| 1918 | 452 | 221 | 231 | 48,9 | 51,1 |
| בסך-הכל פֿאר די יארן 1918-1914 | 2762 | 1554 | 1208 | 56,2 | 43,8 |

ווי מ׳זעט, האָט זיך אין דער מלחמה=צייט ארויסגעוויזן א שטאַרקע טענדענץ אין דעם זין פון אויסגלייכן די צאָל געבאָרענע אינגלאך און מיידלאך, וואָס לאזט זיך דערקלערן מיט דעם, וואָס די רעגיסטראַציע האָט זיך דאן געפירט רעגולערער. אין די 2 לעצטע יאָרן איז, ווי מ׳זעט פון דער טאַבעלע, די צאָל פאַרשריבענע מיידלאך געווען גרעסער אַפילו פאר דער צאָל אינגלאך, מסתמא, צוליב דער פאַראָרדנונג וועגן די ברויט קאַרטן, זיינען דאן פאַרשריב

געוואָרן אַ סך פון די מיידלאַך, וועלכע זיינען געבאָרן געוואָרן אין די פריערדיגע יאָרן און זיינען ניט פאַרשריבן געוואָרן אין דער ריכטיגער צייט.

פון דער אַלגעמיינער צאָל נייגעבאָרענע קינדער 7543 זיינען

| | | |
|---|---|---|
| אינגלאַך געווען | 4389 אָדער | 58,2% |
| מיידלאך „ | 3154 „ | 41,8% |
| בסך־הכל | 7543 | 100% |

אין דער ערשטער העלפט פון פעריאָד (1909--1913) זיינען געבאָרן געוואָרן 4781 אָדער 63% פון דער אַלגעמיינער צאָל געבאָרענע, אין דעם צווייטן— 2762 אָדער 37%. אויב מ'זאָל משער זיין, אַז אין די שלום יאָרן איז די אידישע באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק באַשטאַנען פון קרוב 65000 נפשות, וועט אויסקומען, אַז די דורכשניטלאַכע געבורט-צאָל פאַר די ערשטע 5 יאָר (956,2) דריקט זיך אויס אין דעם קאָעפיציענט 14,7 אויף 1000 נפשות אידישע איינוואוינער, דערפאַר אין די 4 מלחמה־יאָרן (1915—1918), ווען די צאָל פון דער באַפעלקערונג האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ביז 40000, איז די יערלאַכע צאָל געבאָרענע אַראָפּגעזונקען ביז 460,5 אָדער 11,5 אויף 1000 פון דער איינוואוינערשאַפט.

פאַר דער צייט 1914—1918, איז די דורכשניטלאַכע צאָל געבאָרענע אידישע קינדער געווען 552,4. אויב מ'וועט די צאָל געבאָרענע פאַר 1909—1913: 956,2 אָננעמען פאַר 100, וועט די צאָל 552,4 זיין 57,5% ד. ה. די צאָל געבורטן פאַר דער מלחמה־צייט האָט זיך פאַרקלענערט אויף 42,5%, בעת די אַלגעמיינע צאָל פון די אידישע איינוואוינער האָט זיך פאַר־מינערט נאָר אויף 30%—33%

ווי ס'איז שוין דערמאָנט געוואָרן, באַמערקט זיך אין די לעצטע 2—3 יאָר פון גאַנצן פעריאָד אַ באַדייטנדיגע טענדענץ צו דער נאָרמאַלער פאַרטיילונג פון די נייגעבאָרענע אינגלאַך און מיידלאַך, לגבי די דאָזיגע צאָלן פון אַלע פריערדיגע יאָרן. באַזונדער בולט זעט מען עס ארויס פון דער קרומער ליניע אויף דער דיאָגראַמע. דאָס דאַרף גענומען ווערן אין אַכט ביי דער אָפּשאַצונג פון דעם גאַנצן געבראַכטן מאַטעריאַל.

די אַלגעמיינע סטאַטיסטיק באַווייזט, אַז אַלע יאָר ווערן געבאָרן מער אינגלאַך ווי מיידלאַך: אין דורכשניט 103—108 אינגלאַך אויף 100 מיידלאַך. ביי דער אידישער באַפעלקערונג זיינען די פאַרשריבענע געבאָרענע אינגלאך און מיידלאך געווען פאַרטיילט אין אַ פאָלגנדיגער פּראָפּאָרציע:

פאַר 1909—1913 אויף 100 מיידלאַך 145,6 אינגלאך
„ 1914—1918 „ „ „ 128,6 „

## 2. פארטיילונג פון דער צאָל געבאָרענע לויט חדשים.

די דורכשניטלאכע צאָל געבאָרענע פון יעדן חודש פאר די 10 יאָר איז פאלגנדיגע:

| | | | |
|---|---|---|---|
| יאַנואַר | — 70 | יולי | — 68 |
| פעוראַל | — 63 | אַווגוסט | — 58 |
| מארט | — 71 | סענטיאבער | — 50 |
| אַפּריל | — 65 | אָקטיאבער | — 59 |
| מאַי | — 65 | נאָיאבער | — 55 |
| יוני | — 68 | דעקאבער | — 63 |

ווי מ׳זעט, איז די העכסטע צאָל אין חודש מאַרט (71), די קלענסטע— אין סענטיאבער (50). אין · אַלגעמיין איז די געבורטזאַמקייט אין דער ערשטער העלפט פון יאָר אַ סך א גרעסערע ווי אין דער צווייטער.

נאָך דייטלאכער זעט מען די פאַרטיילונג פון די געבאָרענע אין די 10 יאָר לויט חדשים, ווען מען נעמט ביידע 5 יאָריגע תקופות באַזונדער, ווי ס׳איז געמאַכט אין דער פאָלגנדיגער טאַבעלע.

טאַבעלע II. דורכשניטלאכע צאָל געבורטן פאר די תקופות 1909—1913 און 1914—1918 לויט מאָנאטן.

| חודש | 1913-1909 | 1918-1914 |
|---|---|---|
| יאנוואר | 88,- | 52,2 |
| פעוראל | 76,2 | 49,- |
| מאַרט | 78,6 | 64,2 |
| אַפּריל | 79,2 | 50,2 |
| מאַי | 83,- | 46,2 |
| יוני | 81,- | 54,6 |
| יולי | 89,4 | 45,8 |
| אַווגוסט | 74,4 | 41,- |
| סענטיאַבער | 66,6 | 34,4 |
| אָקטיאבער | 76,6 | 42,- |
| נאָיאבער | 76,- | 34,6 |
| דעקאַבער | 87,2 | 38,4 |

אין די שלום יאָרן איז דער העכסטער חודש: יולי (89,4) און דער קלענסטער—סעפּטעמבער (66,6), אין די מלחמה־יאָרן איז די גרעסטע צאָל: (64,2) אין מאַרץ, די קלענסטע—אין אָקטאָבער (-,42).



# II. שטערבלאַכקייט.

## 3. פאַרטיילונג פון די געשטאָרבענע לויט פעריאָדן: 1909—1913 און 1914—1918.

די מאַטעריאַלן וועגן דער שטערבלאַכקייט דאַרפן זײַן אָן אַן ערך גענויער, ווײַל די שטארב־פאַלן פלעגן ווערן אײַנגעשריבן אין די ביכער פינקטלאך און גענוי.

נעמענדיג דעם גאַנצן פעריאָד פון 1909—1918, זעען מיר, אז פאַר די 10 יאָר זײַנען אין ביאַליסטאָק געשטאָרבן 7336 אידן פון וועלכע

אין 1909—1913 זײַנען געשטאָרבן 2859 אָדער 39%
„ 1914—1918 „ „ 4477 „ 61%
7336 100%

די דורכשניטלאכע צאָל מתים איז פאַר די ערשטע 5 יאָר: 572 א יאָר, פאַר די צווייטע—895 א יאָר.

בעת די באפעלקערונג האָט זיך פארקלענערט אויף 30%—40%, איז די שטאַרב־ציפער פארגרעסערט געוואָרן פאַר די לעצטע 5 יאָר אויף 57%.

טאַבעלע III. טויט־פאלן פאַר 1909—1913 און 1914—1918.

| יאָרן | אלגעמיינע צאל מתים | מענער | פרויען | % מענער | % פרויען |
|---|---|---|---|---|---|
| 1909 | 581 | 317 | 264 | 54,6 | 45,4 |
| 1910 | 618 | 323 | 295 | 52,2 | 47,8 |
| 1911 | 564 | 307 | 257 | 54,4 | 45,6 |
| 1912 | 506 | 261 | 245 | 51,6 | 48,4 |
| 1913 | 590 | 308 | 282 | 52,2 | 47,8 |
| סך־הכל פאַר 1913-1909 | 2859 | 1516 | 1343 | 53,0 | 47,0 |
| 1914 | 568 | 288 | 280 | 50,7 | 49,3 |
| 1915 | 818 | 426 | 392 | 52,1 | 47,9 |
| 1916 | 863 | 429 | 434 | 49,7 | 50,3 |
| 1917 | 1263 | 692 | 571 | 54,8 | 45,2 |
| 1918 | 965 | 516 | 449 | 53,5 | 46,5 |
| סך־הכל פאַר 1918-1914 | 4477 | 2351 | 2126 | 52,5 | 47,5 |

ווי מ'זעט פון דער טאבעלע, איז קענטיג אין די לעצטע יאָרן פאר דער מלחמה די טענדענץ פון פאַרקלענערונג, אַזוי איז אין 1910 געשטאָרבן 618 מענשן, אין 1911—564, אין 1912—506 און אין 1913—590. אין 1914 איז די שטערבלאכקייט, ניט קוקנדיג אויף דעם, וואָס די צווייטע העלפט פון יאָר איז שוין געווען אין מלחמה־פעריאָד, נאָך קלענער געוועזן ווי אין 1913, אויסמאכנדיג נאָר 568.

אין 1915 יאָר, ווען ביאַליסטאָק האָט אָנגעהויבן פארפלייצט צו ווערן פון א גאנצער כוואליע היימלאָזע און אנטרונענע, האָט די שטערבלאכקייט גלייך פון די ערשטע חדשים אָנגעהויבן צו וואַקסן, איבערשטייגנדיג פאר דעם 1־טן האַלבן יאָר די אנטשפרעכנדיגע ציפערן פון די פריערדיגע יאָרן (1915—382, 1914—258, 1913—306). ביז אַווגוסט—סענטיאַבר 1915 איז די צאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק ניט געוואָרן קלענער, ווייל ביז יענער צייט פלעגן נאָך אַלץ אָנקומען נייע היימלאָזע און דער אומקער אויף די פריערדיגע ערטער האָט זיך אָנגעהויבן ערשט צום סוף פון 1915 און צום אָנהויב פון 1916. די גרעסטע שטערבלאַכקייט איז געווען אין חודש סענטיאַבער (92), איבערשטייגנדיג די זעלביגע צאָל ניט נאָר פון יאָר 1914, נאָר אויך פון 1916. בס"ה זיינען אין דער צווייטער העלפט 1915 געשטאָרבן 436 אידן אָדער מיט 54 מער ווי אין דער ערשטער. אויב מ'זאָל האַלטן די צאָל פון דער אידישער באפעלקערונג שוין פאר אַ אומ־פאַרענדערלאַכע אין 1916 און (האלטנדיג פאַר ריכטיג די דייטשע ידיעות ביי דער ברויט־קאַרטן־רעגיסטראַציע) אָננעמען די צאָל פון דער אידישער באפעלקערונג פאר 40 טויזנט, וועט אויסקומען, אַז די שטערבלאכקייט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין 1916 יאָר מאַכט אויס 21,6 אויף 1000, וואָס איז רעלאטיוו ניט קיין זייער באַדייטנדיגע צאָל. בכלל מוז מען אָנווייזן, אז די שטערבלאַכקייט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק איז, לפי ערך, א גאַנץ קליינע און איז, לויט די ביכער, לגמרי פאַרשיידן, ווי אין א סך אַנדערע שטעט (ווי למשל ווילנע), זייענדיג אויסערגעוויינלאַך קליין, אזוי אין 1913 נאר 9,6.

אין די ערשטע חדשים פון 1916 האָט א'מורא'דיגע צאָל קרבנות אוועק־געטראָגן אין קבר די טיפוס־עפידעמיע, ווי מ'זעט פון די ציפערן פון שטערב־לאַכקייט פון איינצלנע חדשים אין פארגלייך מיט די זעלביגע פון 1915.

| | 1915 | 1916 |
|---|---|---|
| יאנוואר | 74 | 117 |
| פעווראל | 67 | 89 |
| מארט | 66 | 108 |
| אפריל | 62 | 74 |
| מאי | 50 | 69 |
| יוני | 63 | 46 |

אין יוני קען מען שוין די טיפוס-עפידעמיע האַלטן פאַר איינגעהאַלטן, ווייל די צאָל געשטאָרבענע ווערט פון מאַי אָן אלץ קלענער און זי האַלט זיך פון יוני ביז סענטיאַבער אין דער גרויס פון 40—50 א חודש.

א שרעקלאַכע גרויס נעמט אָן די שטערבלאַכקייט אין 1917, ווען די אלגעמיינע צאָל מתים שטייגט איבער מיט 400 די צאָל געשטאָרבענע אידן אין 1916, אויסמאַכנדיג 31,6 אויף 1000 פון דער אידישער באַפעל-קערונג. דאָס געוויינלאכע אויפשטייגן פון דער שטערבלאכקייט-צאָל אין 2 צייטן פון יאר: פרילינג און הארבסט (וועגן וועלכע ס'וועט נאָך אויסקומען צו רייִדן ווייטער) האָבן זיך דאָ געלאָזט שפירן מיט א מורא'דיגער שארפקייט; אזוי ווערט די דורכשניטלאַכע צאָל מתים פאַר 1917 (105 אַ חודש) איבער-געשטיגן אין מאַרט מיט 31, אויסמאַכנדיג פאר יענעם חודש 136, און אין סענטיאבער, ווען עס האָט געהערשט די שרעקלאַכע דיזענטעריע-עפידעמיע — מיט 55, דערהויבנדיג זיך צו דער אומגעהייערער גרויס פון 160 מתים.

פון נאָיאַבער 1917 הויבט אָן די צאָל געשטאָרבענע צו פאַלן און האַלט זיך אין דער ערשטער העלפט פון 1918 אויף דער דורכשניטלאַכער הויך 84,3 און אין דער צווייטער העלפט—76. פאר דעם גאַנצן יאָר 1918 איז די שטערבלאַכקייט געוועזן מיט 300 ווייניגער, ווי אין 1917 און מיט קרוב 100 מער ווי אין 1916. מ'דארף אָבער נעמען אין באטראַכט, אַז אין משך פון 1918 האָט זיך שוין אנגעהויבן די רעעמיגראַציע פון א סך ביאַליסטאָקער איינוואוינער פון רוסלאַנד און אַזוי ארום איז דאַן די צאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג גרעסער געווען ווי אין 1917.

## 4. פארטיילונג פון די געשטאָרבענע לויט חדשים און סעזאנען.

די פאַרטיילונג פון די מתים לויט חדשים אונטערשיידט זיך ווינציג אין ביידע פעריאָדן: פאַר די יאָרן 1909—1913 זיינען די מאַקסימאל-חדשים, ווי מ'זעט פון דער טאַבעלע IV, פעווראל און סענטיאבער, פאַר די יאָרן 1914—1918: מאַרט און סענטיאבער. די העכערונג פון דער שטערבלאַכקייט אין די זומער-חדשים איז אַ געוויינלאַכע ערשיינונג אין נאָרמאלע צייטן און דער-קלערט זיך אומעטום מיט דער שטאַרקער שטערבלאַכקייט פון די זויג-קינדער אין דער דאָזיגער צייט פון שלשול און אַנדערע קינדער-קראנקייטן. ביי אידן שפירט זיך אָבער גיט די דאָזיגע ערשיינונג אזוי שטארק, ווי ביי אַנדערע פעלקער. פון דער שטערבלאַכקייט-טאַבעלע (אין דער ביילאגע) זעט מען, אז די מאקסימאלע שטערבלאַכקייט פאר די יאָרן 1909—1913 פאלט אויס אויפן חודש יוני (נאָך אים קומט יולי), דאגעגן ביי דערוואקסענע קומט פאָר די גרויסע שטערבלאכקייט אין סוף ווינטער (פעווראל—מאַרט) און אין

הארבסט (סעפּטיאבער—אָקטאָבער). אין די זומער מאָנאטן: יוני—יולי—אַווגוסט, זעט זיך דאָך א קליינע הענדערונג אין דער צאָל געשטאָרבענע, צוליב דער איבנערמאָנטער סיבה.

טאבעלע IV. דורכשניטלאַכע שטערבלאַכקייט א מאָנאט אין די יאָרן 1909—1913 און 1914—1918.

| מאָנאטן | 1913-1909 | 1918-1914 |
|---|---|---|
| יאנוואר | 52,4 | 89,2 |
| פעווראל | 54,6 | 81,- |
| מארט | 47,8 | 92,- |
| אפריל | 42,4 | 73,2 |
| מאי | 39,8 | 71,6 |
| יוני | 44,4 | 58,2 |
| יולי | 48,8 | 58,6 |
| אַווגוסט | 43,6 | 67,2 |
| סעפּטיאַבער | 56,- | 87,6 |
| אָקטיאבער | 51,6 | 69,4 |
| נאָיאבער | 45,6 | 66,8 |
| דעקאַבער | 42,2 | 80,2 |

ווי מ׳זעט, איז אין די מלחמה־יאָרן די שטערבלאכקייט אין די זומער-חדשים באַדייטנדיגער געפאלן ווי אין די שלום יאָרן, וואָס עס דערקלערט זיך מיט 2 סיבות: ערשטנס, זיינען די מורא׳דיג שווערע לעבנס־באדינגונגען זומער באַדייטנדיג לייכטער געווען און צווייטנס, איז אַ סך קלענער געווען די קינדער-שטערבלאַכקייט (דער עיקר פון די זויג־קינדער צוליב דער פארקלע-נערונג פון געבורטן).

אויב מ׳זאָל פאַרטיילן די צאָל מתים אלע יאָר לויט די סעזאָנען (רעכע-נענדיג: מאַרט, אַפּריל, מאי—פרילינג; יוני, יולי, אַווגוסט—זומער; סעפּטיאבער, אָקטיאבער, נאָיאבער—הארבסט; דעקאבער, יאנוואר, פעוורואל—ווינטער) וועלן מיר געפינען, אַז די גרעסטע שטערבלאַכקייט אין די יאָרן 1909—1913 פאַלט אויס אויפן הארבסט און נאָכדעם גייט כמעט אין דער זעלביגער צאָל —ווינטער און די קלענסטע שטערבלאַכקייט איז אין פרילינג. אין די מלחמה יאָרן באמערקט זיך די גלייכע פאַרשטארקונג פון דער שטערבלאַכקייט אין

ווינטער און אין הארבסט, נאָר דערצו באַמערקט זיך אויך א באזונדער בולטע פארגרעסערונג פון דער שטערבלאַכקייַט אין פרילינג, באזונדער ווידער אין 1916 און 1917, ווען עפּידעמיעס און די שווערע דערנערונגס־נויט האָבן זייער שלעכט געווירקט אויף דעם מצב פון דער אידישער באַפעלקערונג. דער זומער אָבער פלעגט אין היפוך צו די שלום־יאָרן פארבייַגיין מיט א סך אַ קלענערער צאָל קרבנות־כתים ווי דער פרילינג און דער הארבסט.

טאַבעלע V די צאָל געשטאָרבענע לויט סעזאָנען פאר די יאָרן 1909—1913.

| יאָרן | פרילינג | זומער | הארבסט | ווינטער |
|---|---|---|---|---|
| 1909 | 131 | 133 | 155 | 162 |
| 1910 | 130 | 159 | 172 | 157 |
| 1911 | 122 | 135 | 150 | 157 |
| 1912 | 120 | 126 | 140 | 120 |
| 1913 | 147 | 130 | 148 | 165 |
| כך־הכל | 650 | 683 | 765 | 761 |

טאבעלע Va די צאָל געשטאָרבענע לויט סעזאָנען פאר 1914—1918.

| יאָרן | פרילינג | זומער | הארבסט | ווינטער |
|---|---|---|---|---|
| 1914 | 118 | 130 | 163 | 157 |
| 1915 | 178 | 211 | 239 | 190 |
| 1916 | 251 | 135 | 189 | 288 |
| 1917 | 367 | 256 | 307 | 333 |
| 1918 | 272 | 188 | 221 | 284 |
| כך־הכל | 1186 | 920 | 1119 | 1252 |

מ'מוז באמערקן, אַז אין די שלום־יאָרן איז די מאָנאטלאכע שטערבלאַכקייַט-צאָל געגאנגען אַ סך נאָרמאלער ווי אין די מלחמה־יאָרן און די וואקלונגען זייַנען ניט געווען אַזוי באַדייַטנדיג, ווי אין די מלחמה-יאָרן. אין 1909—1913 איז דער דורכשניטלאַכער מאַקסימום (אין סענטיאַבער): 56, דער מינימום (אין מאַי): 39,8, די וואקלונג: 16,2 אָדער 33 % פון דער דורכשניטלאַכער צאָל אַ חודש (48). אין די מלחמה־יאָרן איז דער מאַקסימום (מאַרט): 92,4, דער מינימום (יוני) 58,2, די וואקלונג באטרעפט שוין דעריבער 34,2 % ד. ה. כמעט 46 % פון דער דורכשניטלאַכער צאָל געשטאָרבענע א חודש: 74,5.

# 5. שטערבלאכקייט לויטן עלטער.

איבערגייענדיג צו דער שטערבלאכקייט לויטן עלטער, מוזן מיר, ראשית כל, פעסטשטעלן וויפיל ס׳מאַכט אויס די צאָל קינדער־מתים (ביז 5 יאָר) צו דער אלגעמיינער צאָל מתים, ווײַל פון דער צאָל געשטאָרבענע קינדער הייננט דער עיקר אָפּ די גרויס פון דער אלגעמיינער שטערבלאַכקייט.

טאבעלע VI קינדער שטערבלאַכקייט.

| קינדער ביז 5 יאָר | | | קינדער ביז 1 יאָר | | |
|---|---|---|---|---|---|
| יאָרן | צאָל | % צו אלע מתים | צאָל | % צו דער צאָל מתים קינ. ביז 5 יאר | % צו דער אלג. צאל מתים |
| 1909 | 184 | 31,3 | 107 | 58,- | 18,1 |
| 1910 | 223 | 36,1 | 111 | 49,9 | 18,- |
| 1911 | 174 | 30,8 | 88 | 50,6 | 15,4 |
| 1912 | 143 | 28,3 | 93 | 65,- | 18,4 |
| 1913 | 166 | 28,2 | 70 | 42,2 | 11,9 |
| אין דורכשניט | 178 | 30,9 | 94 | 53,2 | 16,4 |
| 1914 | 148 | 26,1 | 91 | 61,5 | 16,- |
| 1915 | 193 | 23,6 | 109 | 56,5 | 13,3 |
| 1916 | 161 | 18,7 | 75 | 46,4 | 8,7 |
| 1917 | 198 | 15,8 | 65 | 32,8 | 5,2 |
| 1918 | 144 | 14,8 | 65 | 46,5 | 6,6 |
| אין דורכשניט | 169 | 19,8 | 81 | 49,8 | 9,- |

פאַר דער מלחמה איז דער דורכשניטלאַכער % פון דער קינדער־שטערבלאַכקייט צו דער אַלגעמיינער צאָל 30,9. אינטערעסאַנט איז צו באמערקן, אַז לויט ד״ר שאַבאד׳ס אויסרעכענונגען אין ווילנער זאמל־בוך (I-טער באַנד), איז אין ווילנע פאַר דער צייט 1911—1913 די דאָזיגע ציפער געווען 30,8%. אין ביאַליסטאָק איז דער % פון דער צאָל געשטאָרבענע קינדער צו דער אַלגעמיינער צאָל מתים אין משך פון דער מלחמה־צייט געפאַלן ביז 19,8, וואָס עס דערקלערט זיך מיט דער פאַרקלענערונג פון דער צאָל געבורטן ביי דער מורא׳דיגער פארגרעסערונג פון דער צאָל געשטאָרבענע (אין ווילנע איז די דאָזיגע ציפער פאַר 1916 געווען 17,7).

דער געוויינלאַכער דורכשניט פון דער קינדער־שטערבלאַכקייט אין אַלגעמיין איז 40%—50% פון דער כלל־צאָל, ביי אידן אָבער באַקומט זיך אומעטום אַ באַדייטנדיג קלענערע קינדער־שטערבלאַכקייט, צוליב דעם ריינערן פאַמיליען־לעבן און אַ דאַנק אַ „אויסגעארבעטער״ עקשנות געגן פאַרשיידענע קראַנקייטן (ד״ר שאַבאד).

דער % פון די זויג קינדער (ביז 1 יאָר), בנוגע צו דער אלגעמײַנער צאָל מתים, איז אין ביאַליסטאָק אין דער צײַט פאַר דער מלחמה געווען פארהעלטניש־מעסיג אַ גאַנץ־קלײַנער: 16,4%. בנוגע צו דער אלגעמײַנער צאָל געשטאָרבענע קינדער מאַכט אויס די צאָל געשטאָרבענע זויג־קינדער, פאַר 1909—1913: 53,2, ד. ה. מער ווי אַ העלפט, אין דער מלחמה־צײַט—נאָך 49,8%, דער % אָבער צו דער אַלגעמײַנער צאָל מתים איז אַראָפּגעפאַלן פון 16,4% אויף 9,%.

טאַבעלע VII. פארטיילונג פון די מתים לויט עלטער־קלאַסן

אין 1909—1913 און 1914—1918.

| עלטער־קלאסן | 1909—1913 | | 1914—1918 | |
|---|---|---|---|---|
| | אלגעמיינע צאל | % | אלגעמיינע צאל | % |
| 0—4 יאָר | 890 | 31 | 844 | 19 |
| 5—15 „ | 218 | 8 | 428 | 10 |
| 16—40 „ | 327 | 11 | 700 | 16 |
| 41—60 „ | 445 | 15 | 858 | 19 |
| 61—70 „ | 411 | 14 | 685 | 15 |
| 71—און מער | 559 | 20 | 933 | 20 |
| אונבאוואוסט | 9 | 1 | 29 | 1 |
| סך־הכל | 2859 | 100 | 4477 | 100 |

ווי מ'זעט פון דער טאַבעלע, האָט זיך אין דער מלחמה־צײַט שטארק פארגרעסערט די שטערבלאַכקייט פון 2 עלטער־קלאסן: פון 16—40 יאָר און פון 41 ביז 60, דאנענן איז געבליבן אויף דערזעלבינער הויך די פּראָפּאָרציע פון געשטאָרבענע זקנים (איבער 71 יאָר). ווען מיר נעמען אָבער אין באַטראַכט, אז אין אבסאָלוטע צאָלן איז די שטערבלאַכקייט פון דעם דאָזינן קלאס געוואָרן גרעסער אויף 60% (פון 559 אויף 933), אין דער צײַט, ווען אין די יאָרן פאר דער מלחמה איז די דאָזיגע ציפער געבליבן כמעט אַלע יאָר די זעלבינע, מוזן מיר קומען צום באַשלוס, אז רעלאטיוו (אין פארהעלטעניש צו דער אלגעמיינער צאָל איינוואוינער פון זעלבינן עלטער־קלאס) איז די שטערבלאַכקייט באַדייטנדיג גרעסער געוואָרן.

די באיארנטע אידן פון ביאליסטאק, (פון 41—60 יאר) זיינען אין דער מלחמה-צייט אפגעשטארבן אין א טאפעלער צאל אין פארגלייך מיט די יארן 1909—1913, וואס באווייזט, וועלכן שרעקלאבן רושם די מלחמה האט געמאכט אויף דעם דאזיגן קלאס. אויך די פראפארציע פון דער דאזיגער קאטעגאריע מתים צו דער אלגעמיינער צאל ווייזט, אז פאר דער מלחמה האבן די מתים אין עלטער פון 50—60 יאר אויסגעמאכט 8% פון דער אלגעמיינער צאל, אין 1914—1918 אבער שוין 11%. דאס איז די גרעסטע העכערונג פון אלע עלטער-קלאסן פון דערוואקסענע-מתים פאר דעם מלחמה-פעריאד, ביי אלע איבריגע קלאסן פון 10 יאר, א חוץ אט דעם, מאכט זי אויס נאר 1%—2% פון דער אלגעמיינער צאל מתים.

די פארגרעסערונג פון דער שטערבלאכקייט פון די יונגע מענשן (21—30 יאר) איז אויך געווען שטארקער, ווי די אלגעמיינע שטערבלאכקייט-פארגרעסערונג און מאכט אויס מער ווי 100 % אין פארגלייך צו דער צאל פון 1909—1913 (אין אבסאלוטע צאלן), וואס עס דערקלערט זיך דערמיט, וואס די יוגנט איז צוליב שווערער ארבעט ביי א שלעכטער דערנערונג זייער מסוגל געווען צו קראנקייטן און צו א גרויסער שטערבלאכקייט.

אין אלגעמיין זעט מען, אז אלע עלטער-גרופן האבן אפגעצאלט זייער חוב דעם שרעקלאכן מלחמה-אפגאט, נאר באזונדער שארף האבן זיך די פאלגן פון דער צייט אפגערופן אויף די אינגערע און עלטערע פערזאנען ד. ה. פון 15—30 יאר און פון 50—60 יאר. די ערשטע זיינען געשטארבן אין א שרעקלאך-גרויסער מאס אין די בעסטע יארן פון זייער לעבן און די צווייטע מיט א סך יארן פאר דער צייט ד. ה., די מלחמה האט מקצר געווען די יארן ביי א גרויסן טייל פון דער אידישער באפעלקערונג אין ביאליסטאק, ארויסרייסנדיג פון צווישן די לעבעדיגע גראד די, וואס האבן געקענט זיין נוצלאך דורך זייער לעבנסקראפט און לעבנס-טעטיגקייט.

## 6. שטערבלאכקייט לויטן געשלעכט.

בנוגע צו דער שטערבלאכקייט לויטן געשלעכט מוז מען באמערקן, אז ניט ווייסנדיג די צאל איינוואוינער פון יעדן געשלעכט, קען מען אויך ניט פעסטשטעלן דעם % פון דער שטערבלאכקייט ביי מענער און ביי פרויען באזונדער און אויפן סמך פון מאטעריאל, וואס איז דא קען מען נאר ריידן וועגן דער אבסאלוטער צאל פון די געשטארבענע און פארגלייכן די צאל מתים פון ביידע געשלעכטן.

טאבעלע VIII. פארטײלונג פון די מתים לויטן געשלעכט.

| יאָרן | צאָל מתים | | %/% פון יעדן געשלעכט | |
|---|---|---|---|---|
| | מענער | פרויען | מענער | פרויען |
| 1909 | 317 | 264 | 54,5 | 45,5 |
| 1910 | 323 | 295 | 52,3 | 47,7 |
| 1911 | 307 | 257 | 54,4 | 45,6 |
| 1912 | 261 | 245 | 51,6 | 48,4 |
| 1913 | 308 | 282 | 52,2 | 47,8 |
| 1914 | 288 | 280 | 50,7 | 49,3 |
| 1915 | 426 | 392 | 52,1 | 47,9 |
| 1916 | 429 | 434 | 49,8 | 50,2 |
| 1917 | 692 | 571 | 54,8 | 45,2 |
| 1918 | 516 | 449 | 53,4 | 46,6 |
| כך=הכל | 3867 | 3469 | 52,7 | 47,3 |

מ'זעט פון דער טאַבעלע VIII, אז דער טײל פון די מענער איז באַדײטנדיג גרעסער ווי פון די פרויען, בלויז אין 1 יאָר פון די 10 (1916) איז די צאָל טויט=פאַלן געווען כמעט די זעלבינגע בײַ בײדע געשלעכטן (די מענער-מתים אפילו ווײניגער ווי די פרויען); דער פאַר איז אָבער שוין אין פאָלגנדיגן יאָר די צאָל געשטאָרבענע פרויען געווען באַדײַטנדיג קלענער און אין יענעם יאָר (1917) איז טאקע די דיפערענץ אין % פון דער צוטײלונג פון אַלע געשטאָרבענע לויטן געשלעכט—די גרעסטע פאר די 10 יאָר, אויסמאכנדיג 9,6 % פון דער אלגעמײנער צאָל מתים.

טאבעלע IX. שטערבלאכקײטן לויט געשלעכט אין פאַרשײדענע פעריאָדן.

| פעריאָדן | אלגעמײנע צאָל | מענער | פרויען | %מענער | % פרויען |
|---|---|---|---|---|---|
| 1918--1909 | 7336 | 3867 | 3469 | 52,7 | 47,3 |
| 1913--1909 | 2859 | 1516 | 1343 | 53,- | 47,- |
| 1918--1914 | 4477 | 2351 | 2126 | 52,5 | 47,5 |

אין דער מלחמה=צײַט האָט זיך, ווי מ'זעט פון דער טאבעלע IX, ארויס=געוויזן א טענדענץ צו אן אויסגלײַך אין דער פראָפּאָרציע פון די צאָלן געשטאָרבענע לויטן געשלעכט. אין דער שרעקלאכער צײַט 1914—1918 איז

אויך ווי געוויינלאַך גרעסער די צאָל מענער-מתים ווי די פרויען, נאָר דער רע-לאַטיווער אונטערשייד פאַר דער צייַט פֿון די 5 יאָר איז קלענער ווי אין די פֿריערדיגע 5 יאָר: פֿון 6% איז ער פאַרקלענערט געוואָרן אויף 5%.

דער הורבשניטלאַכער צוואַקס פֿון דער שטערבלאַכקייַט פאַר די 2 פעריאָדן איז געווען בײַ די מענער באַדייַטנדיג שטאַרקער, ווי בײַ-די פרויען. דאָס באַשטעטיגט דעם סטאַטיסטישן געזעץ, אז די פרויען זייַנען אין אלגעמייַן מער פֿייַהיג אויסצוהאלטן דעם לעבנס-קאַמף און פֿאַלן ניט אזוי גיך ווי די מענער.

אויב מ'זאָל די צאָל מענער-מתים אין 1909—1913 אָננעמען פאַר 100, וועט די צאָל פֿון די געשטאָרבענע מענער אין 1914—1918 ווערן 163, בעת בײַ די מתים-פרויען וועט די צאָל פאַרגרעסערט ווערן נאָר ביז 158, ד. ה. אין משך פֿון קריג איז די אבסאָלוטע צאָל געשטאָרבענע מענער פאַרגרעסערט געוואָרן לגבי דער שלום-צייַט אויף 63%, בעת די פרויען-צאָל איז פאַרגרעסערט געוואָרן נאָר אויף 58%.

# 7. פאַרטיילונג פֿון דער שטערבלאַכקייט לויטן עלטער און געשלעכט.

אויב מ'וויל באַטראַכטן, ווי ס'האָט געווירקט די מלחמה-צייַט אויף דער פאַרגרעסערונג פֿון דער שטערבלאַכקייַט פֿון יעדן געשלעכט לויט די עלטער-גרופעס, וועט מען געפֿינען, אז כמעט אין אלע קלאסן, אויסער די קינדער-גרופעס, איז פאַרגרעסערט געוואָרן באַדייַטנדיג שטארקער די צאָל געשטאָרבענע מענער.

טאַבעלע X. פאַרטייַלונג פֿון די מתים לויט געשלעכט און עלטער אין % צו דער אלגעמייַנער צאָל מתים פאַר 1909—1913 און 1914—1918.

| עלטער-גרופעס | 1909—1913 אויף 100 פֿון יעדן געשלעכט: מענער | 1909—1913 אויף 100 פֿון יעדן געשלעכט: פרויען | 1914—1918 אויף 100 פֿון יעדן געשלעכט: מענער | 1914—1918 אויף 100 פֿון יעדן געשלעכט: פרויען |
|---|---|---|---|---|
| 11—0 מאנ. | 18 | 15 | 10 | 9 |
| 4—1 יאר | 16 | 14 | 10 | 10 |
| 10—5 | 5 | 5 | 6 | 6 |
| 20—11 | 5 | 6 | 9 | 9 |
| 30—21 | 4 | 4 | 6 | 5 |
| 40—31 | 4 | 5 | 4 | 6 |
| 50—41 | 7 | 7 | 8 | 8 |
| 60—51 | 9 | 7 | 11 | 11 |
| 70—61 | 13 | 15 | 14 | 15 |
| 80—71 | 13 | 14 | 15 | 14 |
| 81 און מער | 6 | 7 | 6 | 6 |
| אומבאוואוסט | — | 1 | 1 | 1 |
| בכך-הכל | 100 | 100 | 100 | 100 |

ווי מ׳זעט פון דער טאַבעלע, איז ביי די מענער פון יעדע 100 געשטאָרבענע דער אנטייל פון די קינדער־אינגלאַך (ביז 5 יאָר) גרעסער ווי דער אנטייל פון קינדער־מיידלאך ביי פרויען (אין די שלום־יאָרן), וואָס איז אן אלגעמיינער סטאַטיסטישער געזעץ, לויט וועלכן ס׳קומט אויס, אז אין די ערשטע לעבנס־יאָרן שטאַרבן אָפּ די איבעריגע 4%—5% אינגלאַך, וואָס ווערן געבאָרן מער אַנטקעגן דער צאָל מיידלאַך און די צאָל פערזאָנען פון ביידע געשלעכטער גלייכט זיך אויס. די ערשיינונג לאָזט זיך בולט דערקענען אין פעריאָד 1909—1913, ווייל די צאָל געבאָרענע איז אין יענער צייט געווען נאָרמאַל און אין דער שטערבלאכקייט האָבן די קינדער פאַרנומען דעם באַדייטנדיגסטן אָרט, ווי ס׳איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן פריער. אין דער מלחמה־צייט איז אָבער די קינדער־שטערבלאַכקייט רעלאַטיוו קלענער געוואָרן (אויף 100 געשטאָרבענע) און אויף איר חשבון איז פאַרגרעסערט געוואָרן די שטערבלאַכקייט פון די העכערע שטופעס. די פאַרקלענערונג פון דער צאָל געבאָרענע קינדער האָט אויף אַ נאַטירלאַכן אופן גורם געווען די רעלאַטיווע פאַרקלענערונג פון דער קינדער־שטערבלאַכקייט.

אין די מיטעלע יאָרן (20—50) איז דער אַלגעמיינער סכום געשטאָרבענע מענער פון 100 אין שלום־צייט געווען: 15, אין מלחמה-צייט: 18; פון פרויען: 16 און 19 ד. ה. מ׳זעט, אז, אין דורכשניט, אַנטקעגן דער אַלגעמיינער צאָל מתים, שטאַרבן אין די דאָזיגע יאָרן פרויען מער ווי מענער (צוליב דער שטערבלאַכקייט פון קימפעטאָרינס וכדומה). נאָר אויך דאָ האָט זיך באַדייטנדיג שטאַרקער פאַרגרעסערט די שטערבלאַכקייט פון די מענער אנטקעגן די פרויען.

פון די עלטערע יאָרן זיינען אין דער שלום־צייט געשטאָרבן מער פרויען ווי מענער, פון 100 מתים זיינען געווען זקנים (פון 70 יאָר און העכער), 19 און זקנות: 21. אין דער מלחמה-צייט אָבער זיינען די זקנים שוין געווען 21 און די זקנות: 20.

אלס א מוסטער־פארגלייך פון די געשטאָרבענע לויט עלטער־קלאַסן, קען מען נעמען די יאָרן פון 1912 און 1917, פון וועלכע דער ערשטער קען זיך רעכענען פאַר דעם טיפּישסטן פון דער שלום־צייט און דער צווייטער— פאַר דער מלחמה־צייט.

טאַבעלע XI. פאַרטיילונג פון יעדע 100 מתים פון יעדן געשלעכט לויט עלטער אין 1912 און 1917.

| 1912 | | |
|---|---|---|
| עלטער | מענער | פרויען |
| 0—3 | 28 | 25 |
| 4—15 | 10 | 5 |
| 16—50 | 17 | 23 |
| 51—90 | 45 | 47 |
| בסך־הכל | 100 | 100 |

| 1917 | | |
|---|---|---|
| עלטער | מענער | פרויען |
| 0—3 | 15 | 15 |
| 4—15 | 10 | 14 |
| 16—50 | 23 | 24 |
| 51—90 | 52 | 47 |
| בסך־הכל | 100 | 100 |

מיר זעען, אז אין 1912 זיינען אין די מיטעלע יארן געשטארבן 17% פון אלע מתים-מענער און 23% פון די מתים-פרויען, אין 1917 איז די פראפארציע געוועןְ 23% און 24%. די קליינע קינדער זיינען אין 1917 געשטארבן אין א גלייכער פראפארציע ביי ביידע געשלעכטן, בעת אין 1912 איז די פראפארציע ביי אינגלאך געווען גרעסער.

דער דורכשניטלאכער עלטער פון אלע געשטארבענע איז פאר 1909—1913 געווען 37,33 יאר און אין 1914—1918: 42,16. דער דורכשניטלאכער עלטער פון אלע געשטארבענע אידן אין ווילנע פאר 1911—1915 איז געווען 37,95 יאר. ווי מ'זעט, איז ער זייער ענלאך צו דער ביאליסטאקער ציפער. דער העכערער דורכשניטלאכער עלטער פון די מתים פאר 1914—1918 ערקלערט זיך מיט דעם, וואס ס'איז רעלאטיוו פארקלענערט געווארן שטארק די קינדער-שטערבלאכקייט, צוליב דער קלענער צאל געבורטן. צוליב דער דאזיגער סיבה, איז אויך דער דורכשניטלאכער עלטער פון די געשטאר-בענע קינדער (ביז 5 יאר) געווען אין שלום-צייט: 1,2 יאר און אין דער מלחמה-צייט: 0,85 יאר.

דער דורכשניטלאכער עלטער פון די מתים איבער 5 יאר איז אין דער פאר-מלחמה-צייט געווען 54.63 יאר און אין דער מלחמה-צייט 51,82 יאר, וואס באשטעטיגט נאך אמאל דעם לעבנס-פאקט, אז די מלחמה האט „מקצר געווען די יארן". אין ווילנע איז דער דורכשניטלאכער עלטער פון דער דא-זיגער קאטעגאריע מתים פאר 1911—1915 געווען: 54,05 *)

אין אלגעמיין איז דער דורכשניטלאכער עלטער פון די מתים ביי אנדע-רע נאציאנאליטעטן קלענער ווי ביי אידן (48—50), וואס עס ערקלערט זיך מיט דער גרעסערער צאל זקנים און קלענערער קינדער-שטערבלאכקייט ביי אידן.

## 8. קינדער שטערבלאכקייט.

ביים פעסטשטעלן וויפיל קינדער שטארבן אויף 1000 געבארענע, ווערט מען מוזן, צוליב די שוין פריער באמערקטע טעמים, באטראכטן נאר די אינגלאך, כדי ניט צו מאכן קיין גרויסע סטאטיסטישע פעלערן.

*) זע די ארבעט פון ד"ר שאבאד וועגן דער שטערבלאכקייט פון די ווילנער אידן אין „ווילנער זאמלבוך" באנד I 1916.

טאַבעלע XII. געשטאָרבענע אינגלאַך פאַר 1909—1918 אין פאַרהעלטעניש צו די געבאָרענע (אויף 1000).

| יאָרן | געבאָרענע | געשטאָרבן: ביז 1 יאר – צאָל | ביז 1 יאר – אויף 1000 געבאָרענע | 1 ביז 2 יאר – צאָל | 1 ביז 2 יאר – אויף 1000 געבאָרענע | 2 ביז 4 יאר – צאָל | 2 ביז 4 יאר – אויף 1000 געבאָרענע | צוזאמ. ביז 5 יאר – צאָל | צוזאמ. ביז 5 יאר – אויף 1000 געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1909 | 571 | 67 | 117,4 | 37 | 64,8 | 7 | 12,2 | 111 | 194,4 |
| 1910 | 558 | 59 | 105,9 | 33 | 55,5 | 31 | 55,9 | 123 | 217,3 |
| 1911 | 578 | 88 | 152,2 | 47 | 81,3 | 33 | 57,1 | 168 | 290,6 |
| 1912 | 587 | 93 | 158,4 | 20 | 34,1 | 21 | 35,7 | 134 | 228,2 |
| 1913 | 541 | 70 | 129,4 | 66 | 122,- | 26 | 48,4 | 162 | 299,8 |
| דורכשניט פאַר 1913-1909 | 567 | 75 | 132,8 | 41 | 71,6 | 24 | 41,6 | 140 | 246,- |
| 1914 | 555 | 91 | 163,9 | 25 | 45,1 | 33 | 59,5 | 149 | 368,5 |
| 1915 | 306 | 109 | 356,2 | 48 | 156,8 | 32 | 104,8 | 189 | 617,8 |
| 1916 | 266 | 75 | 282,- | 30 | 112,8 | 48 | 180,5 | 153 | 575,3 |
| 1917 | 206 | 65 | 315,1 | 43 | 208,9 | 80 | 388,8 | 188 | 912,8 |
| 1918 | 221 | 65 | 294,1 | 22 | 99,5 | 42 | 189,2 | 129 | 582,8 |
| דורכשניט פאַר 1918-1914 | 310 | 81 | 260,6 | 34 | 108,1 | 47 | 151,2 | 162 | 519.9 |

מ'זעט פון דער טאַבעלע, אַז די קינדער שטערבלאַכקייט אויף 1000 געבאָרענע האָט אויסגעמאַכט אין אַלגעמיין 246 אין דורכשניט פאַר 1909—1913, וואָס איז, לפי ערך, אַ קלײנע נאָרמע, דער עיקר, בײַ די זויג־קינדער (132,8), אזוי זײַנען אין פרײַסן געשטאָרבן זויג־קינדער:

אין 1910 : 157,37 אויף 1000 געבאָרענע
„ 1911 : 187,71 „ „ „ .
„ 1912 : 144,74 „ „ „

(ווילנער זאַמלבוך I. זײַט 100)

די קינדער־שטערבלאַכקייט האָט זיך אָבער געוואלטיג פאַרגרעסערט פאַר דער מלחמה-צייט און האָט אויסגעמאַכט אין דורכשניט 519,9 אויף 1000 געבאָרענע אָדער מער ווי טאָפּל אין פאַרגלײַך צו די פריערדיגע 5 יאָר. מורא'דיג איז געווען די קינדער־שטערבלאַכקייט אין 1917 אויסמאַכנדיג 912,8

אויף 1000 געבאָרענע—אַ מורא'דיגע ציפער, וואָס ערקלערט זיך אַ היין מיט דער שרעקלאַכער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער אָרימער באַפעלקערונג, נאָך מיט דער געוואַלטיג גרויסער שטערבלאַכקייט פון דער דיזענטעריע־עפידעמיע, וואָס האָט געבושעוועט אין הארבסט 1917.

פאַר די מלחמה-יאָרן האָט זיך באַזונדער קענטיג פארגרעסערט, אנטקעגן די יאָרן 1909—1913, די שטערבלאַכקייט פון די עלטערע קינדער (2—4 יאָר), פון וועלכע אין דער דאָזיגער תקופה איז געשטאָרבן 151,2 אויף 1000 געבאָרענע, בעת אין דער פאַר־מלחמה־צייט איז די פראָפּאָרציע פון די דאָ־זיגע געשטאָרבענע געוועזן בלויז 41,6. דאָס ערקלערט זיך מיט דער מורא'דיגער ווירקונג פון דער מלחמה אויף יונגע קינדער, הגם מ'דארף ניט פאַרגעסן, אז די פאַרקלענערונג פון די געבורטן האָט נאַטירלאַך געמוזט ווירקן אויף דער פאַרגרעסערונג פון דער דאָזיגער נאָרמע.

ווי ס'באַווייזט די סטאַטיסטיק פון דער קינדער־שטערבלאַכקייט אין דייטשלאַנד פאַר דער מלחמה, פלעגט דאָרט די קינדער-שטערבלאַכקייט קלע־נער ווערן פון יאָר צו יאָר. דאָס קומט פאָר צוליב דעם, וואָס דאָרט ווערט, ווי אין אַלע קולטורעלע לענדער, פיל געזאָרגט פאר די זויג־קינדער דורך באַזונדערע חברות, אַמבולאַטאָריעס און קינדער־קאָנסולטאַציעס, באַזונדערע מילך־קיכן, אַ „טראָפּן מילך" וכדומה, וואָס גיבן אַרויס מילך פאַר די קינדער און זויגנדיגע פרויען. ביי אונז איז אָבער, צום באַדויערן, נאָך גאָרניט געטאָן געוואָרן פאַר דעם דאָזיגן וויכטיגן ענין. ערשט אין דער לעצטער צייט ווערן דורך געזעלשאַפטלאַכע אינסטיטוציעס („אָזע") און דורך קהילות אָנגע-נומען מיטלען צו באַקעמפן די שטערבלאַכקייט ביי זויג־קינדער. די ביאַלים-טאָקער קהלה־פאַרוואַלטונג האָט אין סוף 1919 געגרינדעט א „קינדער אמבו־לאַטאָריע" מיט ברייטע פונקציעס אויף דעם דאָזיגן געביט.

צום פאַרגלייך איז כדאי צום באַמערקן, אַז אין ווילנע *) איז די קינדער־שטערבלאַכקייט פאַר די יאָרן 1911—1914 געוועזן אַזוי: 182,5 אינגלאַך ביז 1 יאָר אויף 1000 געבאָרענע און 270—ביז 5 יאָר; אין דער מלחמה־צייט (1916): 205 אינגלאַך ביז 1 יאָר אויף 1000 געבאָרענע און 535—אין עלטער ביז 5 יאָר. אין די ערשטע 5 חדשים 1917 איז די שטערבלאַכקייט פון די אינגלאַך דאָרט געוועזן (אויף 1000 געבאָרענע) ביז 1 יאָר: 421 און 1320 אינגלאַך אין עלטער ביז 5 יאָר. ווי מ'זעט, איז די קינדער־שטערב־לאַכקייט אין ביאַליסטאָק אין 1916 נאָך גרעסער געוועזן, ווי אין ווילנע, וואו די אלגעמיינע נויט און שטערבלאַכקייט אין משך פון דער מלחמה־צייט זיינען געוועזן מורא'דיג גרויס.

---

*) לויט די ציפערן פון דער דערמאנטער אַרבעט פון ד"ר שאַבאד.

# 9. פאַרגלײַך פון דער געבורט־צאָל און שטערבלאַכקײַט.

ווען מיר זאָלן פאַרגלײַכן די צאָלן פון געבאָרענע און געשטאָרבענע צווישן זיך, וועלן מיר קענען פעסטשטעלן, צו ס'האָט זיך די אידישע באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק פאַרגרעסערט און אין וועלכער מאָס (ניט רעכענענדיג זיך דער בײַ מיט דער צאָל אַרײַנגעפאָרענע און אַרויסגעפאָרענע):

טאַבעלע XIII, פאַרגלײַך פון געבאָרענע און געשטאָרבענע פאַר 1909—1918.

| יאָר | געבאָרענע | געשטאָרבענע | צו וואקס | געשטאָרבענע אויף 100 געבאָרענע | יאָר | געבאָרענע | געשטאָרבענע | צו וואקס | געשטאָרבענע אויף 100 געבאָרענע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1909 | 922 | 581 | +341 | 63 | 1914 | 920 | 568 | +352 | 62 |
| 1910 | 972 | 618 | +354 | 63 | 1915 | 528 | 818 | −290 | 155 |
| 1911 | 977 | 564 | +413 | 58 | 1916 | 452 | 863 | −411 | 191 |
| 1912 | 977 | 506 | +471 | 52 | 1917 | 411 | 1263 | −852 | 307 |
| 1913 | 933 | 590 | +343 | 63 | 1918 | 452 | 965 | −513 | 213 |
| פאַר 1909-1913 | 4781 | 2859 | +1922 | 60 | פאַר 1914-1918 | 2763 | 4477 | −1714 | 162 |

ווי מ'זעט פון דער טאַבעלע XIII, האָט זיך, לויט די מעטריקאַציע־ביכער, די אידישע באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק פאַר די 10 יאָר פאַרגרעסערט נאָר אויף 208 נפשות (1922—1714), דאַנעגן, איז די דורכשניטלאַכע פאַרגרעסערונג פאַר 1909—1913 געווען 1922:5 אָדער 384,4 אַ יאָר. אָנהויבנדיג פון 1915 פאַרגרעסערט זיך אַלע יאָר די דיפערענץ צווישן די געבאָרענע און געשטאָרבענע אויף דער זײַט פון די געשטאָרבענע ד. ה. די באַפעלקערונג פאַרקלענערט זיך אין אַ מורא'דיג גיכן טעמפּ. דער טרויעריגער רעזולטאַט פון די לעצטע 5 יאָר, ד. ה. די פאַרקלענערונג פון דער באַפעלקערונג, באַווײַזט דעם מורא'דיגן חורבן, וועלכן ס'האָט אָנגעמאַכט די מלחמה בײַ דער אידישער באַפעלקערונג פון ביאַליסטאָק.

שוין פון 1913 יאָר אָן, איז די דיפערענץ צווישן די געבאָרענע און געשטאָרבענע געוואָרן קלענער, ווי אין 1911 און 1912, נאָר דאָך איז דער טעמפּ פון צו־וואַקס (350) יערלאַך געווען אַ גאַנץ באַפרידיגנדיגער. דער סך־הכל פון 1915 באַווײַזט שוין אָבער, אַז די מלחמה האָט מיט אַ מאָל אויפגעהויבן די צאָל געשטאָרבענע מיט קנאַפע 300 איבער דער צאָל געבאָרענע.

דער דורכשניטלאַכער צוּוואַקס פון דער שטערבלאַכקייט און די פאַר-קלענערונג פון די געבורטן איז בולט קענטיג, ווען מיר ווערן פאַרגלייכן צווישן זיך די צאָלן פאַר ביידע פעריאָדן באַזונדער און דאַן באַקומט זיך פאָלגנדיגער בילד:

1913—1909

די דורכשניטלאכע צאָל געבאָרענע אַ יאָר: 956, די דורכשניטלאַכע צאָל מתים—572.

1918—1914

די דורכשניטלאַכע צאָל געבאָרענע אַ יאָר: 552, די דורכשניטלאַכע צאָל מתים—895

ד. ה. אין דערעלביגער כמעט פּראָפּאָרציע, ווי ס'איז געפאַלן די צאָל געבורטן איז געוואָקסן די צאָל געשטאָרבענע און די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך פאַרקלענערט דורך דער פאַראייניגטער ווירקונג פון ביידע פאַקטאָרן מיט אַ פאטאלן טעמפּ.

די דורכשניטלאַכע ציפער פון געשטאָרבענע אויף 100 געבאָרענע איז בײַ דער אידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק געווען פאַר דער מלחמה-קאַטאַסטראָפע אַ נאָרמאַלע: אַן ערך פון 60. אין דער מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטענדיגע וואַקסונג פון דער דאָזיגער פּראָפּאָרציע און אין דורכשניט פאַר די גאַנצע פינף יאָר זעט מען, אַז ניט נאָר דער גאַנצער צוּוואַקס פון דער אידישער באַפעלקערונג איז אָפּגעשטאָרבן, נאָר ס'האָט זיך אויך פאַרקלענערט די באַפעלקערונג פון איר שוין עקזיסטירנדיגן באַשטאַנד: אויף אַלע 100 געבאָרענע זיינען געשטאָרבן 162 פערזאָן.

# 10. די סיבות פון טויט.

אַריבערגייענדיג צו דער פראַגע וועגן די סיבות פון שטערבלאַכקייט פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק פאַר די לעצטע 10 יאָר 1909—1918, געפינען מיר פאַר נויטיג אויפמערקזאַם צו מאַכן, אַז צו די דאָזיגע ציפערן דאַרף מען זיך באַציען מיט פאָרזיכטיגקייט, ווייל אין דעם מאַטעריאַל, פון וועלכן די דאָזיגע ציפערן זיינען גענומען, זיינען פאַראַן איינציגע ניטריכטיג-קייטן, שוין ניט רעדנדיג פון דעם, וואָס אין איינציגע פאַלן זיינען די קראַנקייטן אינגאַנצן ניט אנגעגעבן און אין אַנדערע זיינען זיי אָנגעשריבן אזוי אומדייטלאַך, אַז מ'מוז אויך זיי אַרייַנרעכענען אין דעם צעטל פון די „אומבאַוואוסטע".

די שטערבלאַכקייט-טאַבעלע לויט די קראַנקהייטן (זע אין דער ביילאגע טאַבעלע V און VI) באַשטייט פון 18 גרופּעס. די 1-טע גרופּע (די קלענ-פינע קראַנקהייטן) צוטיילט זיך אויף 8 אונטערקלאַסן און נעמט אַרונטער די צום מערסטן פאַרשפרייטע קראַנקייטן; טובערקולאָז איז אויסגעטיילט אין אַ גאַנץ באַזונדערער גרופּע און צום לעצטן גייען די גרופּעס ניט קלעפּינע קראַנקייטן, וועלכע זיינען אָנגעמערקט אין דער טאַבעלע.

### א. קלעפּיגע און ניט קלעפּיגע קראַנקייטן.

די פאַרטיילונג פון די קראַנקייטן אויף קלעפּיגע און ניט קלעפּיגע קען מען זען פון דער פאָלגנדיגער טאַבעלע.

טאַבעלע XIV. די % באַציהונג פון די קלעפּיגע און ניט קלעפּיגע קראַנקייטן צו דער אַלגעמיינער שטערבלאַכקייט.

שלום־צייט 1909—1913

| יאָרן | % פון די קלעפּעדיגע קראַנק. צו דער אלגעמ. שטערב. | % פון די איבריגע קראַנקייטן |
|---|---|---|
| 1909 | 13,3 | 86,7 |
| 1910 | 24,3 | 75,7 |
| 1911 | 20,2 | 79,8 |
| 1912 | 22,1 | 77,9 |
| 1913 | 23,6 | 76,4 |
| אין דורכשניט | 20,7 | 79,3 |

מלחמה־צייט 1914—1918

| יאָרן | % פון די קלעפּעדיגע קראַנק. צו דער אלגעמ. שטערב. | % פון די איבריגע קראַנקייטן |
|---|---|---|
| 1914 | 22,2 | 77,8 |
| 1915 | 12,2 | 87,8 |
| 1916 | 9,7 | 90,3 |
| 1917 | 8,5 | 91,5 |
| 1918 | 11,5 | 88,5 |
| אין דורכשניט | 12,8 | 87,2 |

פון דער טאַבעלע זעט מען, אַז דער % שטערבלאַכקייט פון קלעפּיגע קראַנקייטן, זייענדיג אין שלום־צייט, ד. ה. דורכשניטלאַך פאַר די יאָרן 1909—1913, 20,7 איז אין דער מלחמה־צייט פאַר 1914—1918 אַראָפּגעפאַלן ביז 12,8. אויב מיר זאָלן ניט רעכענען דעם יאָר 1914, וועלכער איז אין דער אמתן נאר אַ האַלבער מלחמה־יאָר, וועט דאַן אויסקומען, אז דער % שטערבלאַכקייט פון די קלעפּיגע קראַנקייטן פאַר די יאָרן 1915—1918 איז 10,5 ד. ה. פונקט אַ העלפט פון דעם דורכשניטלאַכן % פון די דאָזיגע קראַנקייטן אין דער נאָרמאַלער צייט. עס קומט אויף אַזאַ אופן אויס, אז די מלחמה, וואָס האָט פאַרגרעסערט די שטערבלאַכקייט פון דער אידישער באַפעלקערונג, האָט עס פאַרגרעסערט דאָך ניט אויפן חשבון פון די קלעפּיגע קראַנקייטן.

ס'איז אינטערעסאַנט אָנצווייזן, אַז די זעלביגע ערשיינונג איז באַמערקט געוואָרן אויך אין ווילנע, וואו, לויט די סטאַטיסטישע אויסרעכנונגען פון ד"ר שאַבאַד (ווילנער זאַמלבוך), איז די שטערבלאַכקייט פון די קלעפּיגע קראַנקייטן געווען: אין 1915—12,0, אין 1916—2,3 און אין 1917—3,4 פון דער אַלגעמיינער שטערבלאַכקייט.

## ב. קלעפיגע קראנקייטן.

באטראכטנדיג גענויער די קלעפיגע קראנקייטן, וועלן מיר זען, אז פאר דעם ערשטן פעריאד 1909—1913 קומט אויס די גרעסטע שטערבלאכקייט אויף פאלגנדיגע קראנקייטן:

1. לונגען-אנצינדונגען 8,1% פון דער אלג. שט.; 39% פ. ד. אלג. צאל קלעפ. קראנק.
2. סקארלאטינע 4,1% „ „ „ „ ; 19,8% „ „ „ „ „
3. טיפוס 3,2% „ „ „ „ ; 15,5 „ „ „ „ „
4. דיזענטעריע 0,4% „ „ „ „ ; 2,0 „ „ „ „ „

פון אלע 4 קראנקייטן 15,8 „ „ „ „ ;

1914—1918

1. לונגען-אנצינדונגען 4,5% פון דער אלג. שט.; 3,8% פ. ד. אלג. צאל קלעפ. קראנק.
2. טיפוס 2,5% „ „ „ „ ; 21,2 „ „ „ „ „
3. דיזענטעריע 1,5% „ „ „ „ ; 12,9 „ „ „ „ „
4. סקארלאטינע 0,2% „ „ „ „ ; 1,9 „ „ „ „ „

פון אלע 4 קראנק. 8,7% „ „ „ „

די טאבעלע באשטעטיגט אויך, אז דער % קלעפיגע קראנקייטן אנטקעגן דער אלגעמיינער שטערבלאכקייט פאלט שטארק פאר דער צייט פון דער מלחמה (פאר 1909—1913 מאכן אויס אלע קלעפיגע קראנקייטן 15,8% פון דער אלג. שטערבלאכקייט. פאר 1914—1918—8,5%). וואס איז נוגע דער באציהונג פון די 4 אויסגערעכנטע קלעפיגע קראנקייטן צו אלע קלעפיגע קראנקייטן, זעט מען פון דער טאבעלע, אז די טיפוס-עפידעמיע פון 1916 יאר האט אויפגעהויבן די שטערבלאכקייט פון דער א קראנקייט פון 15,5 אויף 21,2 און די דיזענטעריע-מגפה, וואס האט געבושעוועט אין 1917 און האט אויסגעמאכט 50% פון דער אלגעמיינער שטערבלאכקייט פון קלעפיגע קראנקייטן אין דעם יאר, האט אויפגעהויבן דעם % פון דיזענטעריע ביז 12,9%, אנטקעגן 2% אין שלום-צייט. אויב מיר וועלן באטראכטן די שטערבלאכקייט פון קלעפיגע קראנקייטן ביי קינדער ביז 10 יאר פאר די ביידע פעריאדן, וועלן מיר באמערקן, אז אויך ביי זיי האט זי זיך פארקלענערט.

אזוי זיינען געשטארבן פון קלעפיגע קראנקייטן קינדער ביז 10 יאר:

אין 1909-1913-35,5% פון דער קינד.-שט.; 61,8% פ. ד. אלג. צאל קלעפ. קראנק.
„ 1914-1918-22,2% „ „ „ „ ; 47,3% „ „ „ „ „

באַטראַכטנדיג דעטאַלער די קלעפּינע קראַנקייַטן, פון וועלכע ס'זײַנען, דער עיקר געשטאָרבן קינדער ביז 10 יאָר וועלן מיר זען:

1913—1909

1. סקאַרלאַטינע — 106
2. טיפוס — 21
3. דיפטעריט — 27
4. דיזענטעריע — 6

1918—1914

1. סקאַרלאַטינע — 10
2. טיפוס — 16
3. דיפטעריט — 19
4. דיזענטעריע — 17

אזוי אַרום קומט אויס, אַז די שטערבלאַכקייַט פון די ערשטע 3 קראַנקייַטן, האָט זיך פאַר דעם צווייטן פעריאָד פאַרקלענערט, און נאָר די דיזענטעריע האָט ניט געשאַנעוועט אפילו קיין קינדער און פון דער דאָזיגער קראַנקייַט זייַנען אין דעם 1917 יאָר געשטאָרבן מערער ווי אין גאַנצן ערשטן פעריאָד.

די פאַרקלענערונג פון דער קינדער־שטערבלאַכקייַט פון די קלעפּיגע קראַנקייַטן דערקלערט זיך טייַלוויַז מיט דעם, וואָס די געבורטזאַמקייַט האָט זיך שטאַרק פאַרמינערט אין דעם פעריאָד 1914—1918. דאָס אַלגעמייַנע פאַלן פון דער שטערבלאַכקייַט פון קלעפּינע קראַנקייַטן, סיי בייַ קינדער, סייַ בייַ דערוואַקסענע, באַווייַזט אויף דער ענערגישקייַט און צוועקמעסיגקייַט פון די סאַניטאַרע מיטלען, וואָס זייַנען אָנגענומען געוואָרן צו באַקעמפן די עפּידעמיעס.

### ג. טובערקולאָז.

אין דער מלחמה־צייַט האָט זיך צווישן דער אידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק צוליבן עקאָנאָמישן קריזיס און סיסטעמאַטישן ניט-דער'עסן שטאַרק אַנטוויקלט טובערקולאָז. די אַלין שטייַגנדיגע ציפערן פון טובערקולאָז קען מען אַרויסזען פון פאָלגנדיגער טאַבעלע.

טאַבעלע XV. די שטערבלאַכקייַט פון טובערקולאָז לויט די יאָרן.

1913—1909

| יאָרן | צאָל | % צו דער אלגעמ. שטערב. |
|---|---|---|
| 1909 | 43 | 7,4 |
| 1910 | 37 | 6,0 |
| 1911 | 39 | 7,0 |
| 1912 | 33 | 6,6 |
| 1913 | 33 | 5,5 |
| אין דורכשניט | 37 | 6,4 |

1918—1914

| יאָרן | צאָל | % צו דער אלגעמ. שטערב. |
|---|---|---|
| 1914 | 37 | 6,6 |
| 1915 | 52 | 6,3 |
| 1916 | 82 | 9,5 |
| 1917 | 178 | 14,1 |
| 1918 | 211 | 21,9 |
| אין דורכשניט | 112 | 12,5 |

פון דער טאַבעלע זעט מען, אַז אין דער נאָרמאַלער צייט איז דער % שטערבלאַכקייט פון דער ביאַליסטאָקער אידישער באַפעלקערונג פון טובער־קולאָז געווען 6,4; די מלחמה האָט אַרויפגעטריבן דעם % ביז 12,5. אין די יאָרן 1914—1915, אַלס די ערשטע מלחמה־יאָרן, זיינען נאָך קיין גרויסע שינוים אין דער ציפער טובערקולאָזנע ניט פאָרגעקומען, נאָר אָנהויבנדיג פון 1916 הויבט אָן די ציפער געוואלדיג צו שטייגן. אין 1916 יאָר מאַכט שוין אויס דער טובערקולאָז 9,5% פון דער אַלגעמיינער שטערבלאַכקייט ד. ה. אין 1½ מאָל אזוי פיל ווי אין די פאַרגאַנגענע יאָרן; אין 1917 יאָר—14,1% אָדער 2 מאָל מערער און אין יאָר 1918—21,9% אָדער 3 מאָל אזוי פיל, ווי אין דער נאָרמאַלער צייט.

אויסרעכענענדיג די שטערבלאַכקייט פון טובערקולאָז אויף 1000 איינ־וואוינער באַקומט זיך פאַרן פעריאָד 1909—1913 דער קאָעפיציענט 0,6 און פאַר די יאָרן 1914—1918—2,8.

### ד. ניט קלעפיגע קראַנקייטן.

פון די ניט אָנשטעקנדיגע קראַנקייטן קומט אויס די גרעסטע צאָל טויט־פאַלן אויף די פאָלגנדיגע גרופּעס.

טאַבעלע XVI. די שטערבלאַכקייט פון די וויכטיגסטע ניט קלעפיגע קראַנקייטן לויט די יאָרן.

1909—1913

| נאמען פון קראַנקייט | צאָל | % צו דער אַלגעם. שטערב. |
|---|---|---|
| הארץ־קראַנ. | 326 | 11,4 |
| לונגען „ | 305 | 10,7 |
| מאגן „ | 279 | 9,8 |
| שטאָף־וועקסל. | 409 | 14,3 |

1914—1918

| נאמען פון קראַנקייט | צאָל | % צו דער אַלגעם. שטערב. |
|---|---|---|
| הארץ־קראַנ. | 440 | 9,8 |
| לונגען „ | 486 | 10,9 |
| מאגן „ | 274 | 6,0 |
| שטאָף־וועקסל. | 814 | 18,2 |

פאַרגלייכנדיג די ביידע טאַבעלעס זעען מיר, אַז דער % שטערבלאַכקייט פון הארץ און לונגען קראַנקייטן האָט זיך פאַר דער מלחמה־צייט כמעט ווי נאָרניט געביטן (די אַבסאָלוטע צאָל איז אַפילו אַ גרעסערע, דערפאַר אָבער איז די אַלגעמיינע שטערבלאַכקייט פאַר די יאָרן אַ גרעסערע). וואָס איז נוגע די מאָגן קראַנקייטן זיינען זיי נאָך אַראָפּגעפאַלן פון 9,8% אין דער פריער־דיגער צייט ביז 6%, ווי מ'קען דאָס אַרויסזען פון דער פאָלגנדיגער טאַבעלע.

טאַבעלע XVII. די שטערבלאַכקײַט פון מאָגן קראַנקײַטן לויט די יאָרן.

1913—1909

| יאָרן | % צו דער אַלגעמ. שטערבל. |
|---|---|
| 1909 | 13,0 |
| 1910 | 8,3 |
| 1911 | 9,0 |
| 1912 | 9,0 |
| 1913 | 9,5 |
| אין דורכשניט | 9,8 |

1918—1914

| יאָרן | % צו דער אַלגעמ. שטערבל. |
|---|---|
| 1914 | 13,0 |
| 1915 | 7,0 |
| 1916 | 5,6 |
| 1917 | 5,2 |
| 1918 | 2,8 |
| אין דורכשניט | 6,0 |

אויב מיר זאָלן אַראָפּנעמען דעם 1914 יאָר אַלס אַ מלחמה־יאָר אויף דער העלפט, וועט דאַן דער % פאַרן פעריאָד פון 1915—1918 זיין נאָך אַ קלענערער: 5,1 ד. ה. כמעט אַ העלפט פון די דאָזיגע חולאת׳ן פון דער פריערדיגער צײַט.

די X גרופּע פון אונזער טאַבעלע לויט די קראַנקײַטן, וועלכע טראָגט דעם נאָמען „שטאָף־וועקסלונג״ און וועלכע באַשטייט, דער עיקר, פון צווייִ קראַנקײַטן: אַלגעמיינע און זקנישע אויסצערונג, פאַרנעמט דעם אויבן אָן צווישן די ניט קלעפּיגע קראַנקײַטן. די שינוים פון דער גרופּע לויט די יאָרן קען מען זען פון דער פאָלגנדיגער טאַבעלע.

טאַבעלע XVIII. שטערבלאַכקײַט פון שטאָף־וועקסל. לויט די יאָרן.

1913—1909

| יאָרן | צאָל | % צו דער אַלגעמ. שטערבל. |
|---|---|---|
| 1909 | 82 | 14,0 |
| 1910 | 70 | 11,3 |
| 1911 | 78 | 13,9 |
| 1912 | 86 | 17,0 |
| 1913 | 93 | 15,7 |
| אין דורכשניט | 82 | 14,3 |

1918—1914

| יאָרן | צאָל | % צו דער אַלגעמ. שטערבל. |
|---|---|---|
| 1914 | 87 | 15,3 |
| 1915 | 139 | 16,9 |
| 1916 | 177 | 20,5 |
| 1917 | 287 | 22,8 |
| 1918 | 124 | 12,9 |
| אין דורכשניט | 163 | 18,2 |

פון דער טאַבעלע זעט מען, אַז אָנהויבנדיג פון 1915, שטײַגט וואָס ווײַטער אַלץ מער די צאָל פון דער דאָזיגער גרופּע דערגרייכנדיג אין 1917

יאָר דעם מאַקסימום: 22,8% פון דער אַלגעמ. שטערבלאכקייט. דער דורכשניטלאַכער % שטערבלאַכקייט פון דער דאָזיגער גרופּע קראַנקייטן מאכט אויס פאַר ערשטן פעריאָד 14,3 פאַרן צווייטן—18,2. אַזאַ שטאַרקע % העכערונג פון דער גרופּע גייט אויפן חשבון פון אַלגעמיינער און זקנישער אויסצערונג, וואָס האָבן זיך שטאַרק אנטוויקלט אין דער מלחמה־צייט אויפן באָדן פון ניט גענוגנדיגער נאַרונג, און אַוועקגעטראָגן אין קבר הונדערטער קרבנות.

בנוגע דער קינדער שטערבלאַכקייט (ביז 10 יאָר) פון אויסצערונג און שוואַכקייט, איז אויך ביי זיי האָט זיך אין דעם צווייטן פעריאָד דער % פון שטערבלאַכקייט אַ הויב געטאָן: אזוי איז אין די יאָרן 1909—1913 געשטאָרבן קינדער פון דער אָ קראַנקייט 37 אדער 3,6% פון דער גאַנצער קינדער־שטערבלאכקייט און פון 1914—1918—5,7.

פאַרענדיגנדיג דעם איבערזיכט פון די קראַנקייטן, וואָס האָבן גורם געווען די טויט־פאַלן פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק פאַר די יאָרן 1909—1918 קומען מיר צו דעם אויספיר, אז די סאַמע וויכטיגסטע סיבות פון שטערבלאַכקייט זיינען געווען פאָלגנדיגע (לויט דער ריי פון % מעסיגער פאַרקלענערונג).

טאַבעלע XIX. שטערבלאַכקייט לויט די קראַנקייטן פאַר ביידע פעריאָדן:

| 1909—1913 | | 1914—1918 | |
|---|---|---|---|
| 1. קלעפּיגע קראַנקייטן | 20,7% | 1. שטאָף־וועקסלונג | 18,2% |
| 2. שטאָף-וועקסלונג | 14,3 | 2. טובערקולאָז | 12,5 |
| 3. לונגען קראַנקייט | 10,7 | 3. קלעפּיגע קראַנקייטן | 11,8 |
| 4. האַרץ „ | 11,4 | 4. לונגען קראַנקייט | 10,9 |
| 5. מאָגן „ | 9,8 | 5. האַרץ „ | 9,8 |
| 6. טובערקולאָז | 6,5 | 6. מאָגן „ | 6,0 |
| 7. מארך און נערוון קראנק. | 6,5 | 7. מאַרך און נערוון קראַנק. | 4,6 |
| 8. אַלע איבריגע „ | 20,1 | 8. אַלע איבריגע | 26,2 |
| | 100% | | 100% |

פאַרגלייכנדיג די ביידע פעריאָדן זעען מיר, אַז די קלעפּיגע קראַנקייטן, וואָס פאַרנעמען אין ערשטן פעריאָד דעם ערשטן פלאַץ (לויטן % הויך), גייען אַריבער אין צווייטן פעריאָד אויפן דריטן, אָפּטרעטנדיג זייער אָרט פאַר שטאָף-וועקסלונג (אויסצערונג). טובערקולאָז ווידער גייט אַריבער פון דעם זעקסטן פלאַץ פון ערשטן פעריאָד אויפן צווייטן פלאַץ פון צווייטן פעריאָד, פאַרגרעסערנדיג זיין % אויף 2 מאָל אזוי פיל. די האַרץ, לונגען און מארך קראנקייטן וויזן ניט ארויס קיין באַדייטנדיגע שינוים און ביי די מאָגן קראַנג-קייטן האָט זיך נאָך דער % פאַרקלענערט.

# III. חתונות

## II. פארטיילונג פון די חתונות לויט חדשים.

די צאָל חתונות בײַ אידן אין ביאַליסטאָק איז פאר דער מלחמה געווען גאַנץ גלײַכמאסיג, ווי מ׳זעט פון די פאָלגנדיגע ציפערן:

| שלום־צײַט | | | |
|---|---|---|---|
| אין 1909 | : | 273 | חתונות |
| „ 1910 | : | 256 | „ |
| „ 1911 | : | 227 | „ |
| „ 1912 | : | 231 | „ |
| „ 1913 | : | 254 | „ |
| כס״ה | : | 1241 | „ |

| מלחמה־צײַט | | | |
|---|---|---|---|
| אין 1914 | : | 184 | חתונות |
| „ 1915 | : | 84 | „ |
| „ 1916 | : | 175 | „ |
| „ 1917 | : | 160 | „ |
| „ 1918 | : | 358 | „ |
| כס״ה | : | 961 | „ |

פאַר די ערשטע 6 חדשים פון 1914 איז די צאָל חתונות געווען 148 און פון 1-טן יולי 1914 הויבט זיך אָן די כסדר׳דיגע פאַרקלענערונג פון דער צאָל חתונות. אין דער צווייטער העלפט 1916 איז אין ביאליסטאָק פאָר־געקומען אַ „עמיגראַציע-בהלה" א דאנק דער טעטיגקייט פון קאָוונער רייזע־ביוראָ, וואָס האָט אָרגאניזירט דעם אַריבערפאָרן קיין אמעריקע, דערבײַ פלעגן אָנגענומען ווערן נאָר באַווייבטע עמיגראנטן אָדער גאנצע פאמיליעס. צוליב דעם, איז מיט א מאָל אין דער צווייטער העלפט 1916 שטארק פאר־גרעסערט געוואָרן די צאָל חתונות, דערבײַ האָבן, א סברה, אויך ניט געפעלט קיין „פיקטיווע חתונות".

חתונות אין 1916 לויט חדשים:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| יאנואר | : | 1 | יולי | : | 7 |
| פעווראל | : | 1 | אַווגוסט | : | 12 |
| מאַרט | : | 5 | סעפּטיאַבער | : | 36 |
| אַפּריל | : | 8 | אָקטיאַבער | : | 20 |
| מאַי | : | 8 | נאָיאַבער | : | 37 |
| יוני | : | 15 | דעקאַבער | : | 25 |

די דורכשניטלאַכע צאָל חתונות א יאָר פאר 1909—1913 איז געווען 248,2, פאר 1914 – 1918: 192,2. די פארהעלטענישמעסיג גרויסע צאָל פאַרן

לעצטן פעריאָד ערקלערט זיך מיט דער שטאַרקער פאַרגרעסערונג פון דער צאָל חתונות אין 1918, כמעט מיט 50% מער ווי די דורכשניטלאכע נאָרמע פאַר 1913—1909.

פאַר די ערשטע 5 יאָר איז די צאָל חתונות געווען, לפי ערך, זייער א גלייכמאסיגע, וואָס עס דערקלערט זיך מיט דעם נאָרמאַלן מצב, פון דער באַפעלקערונג אין יענע יאָרן. נאָך די חדשים נאָך, האָט זיך די דורכשניט-לאכע יערלאכע צאָל חתונות פאַר יענע 5 יאָר פאַרטיילט אויף אזא אופן:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| יאַנוואַר | : | 23 | יולי | : | 17 |
| פעברואַל | : | 25 | אווגוסט | : | 36 |
| מאַרט | : | 26 | סענטיאַבער | : | 14 |
| אפריל | : | 10 | אָקטיאַבער | : | 12 |
| מאַי | : | 17 | נאָיאַבער | : | 18 |
| יוני | : | 28 | דעקאַבער | : | 22 |

ווי מ'זעט, איז דער מאַקסימום פון די חתונות אין די חדשים אווגוסט און יוני, פאַר וועלכע עס גייט א באַשטימטע שטילע צייט (ספירה) אין די חדשים אפריל און מאַי. אין די מאָנאַטן יאַנוואַר—פעברואַל—מאַרט איז די צאָל חתונות פאַרהעלטענישמעסיג פיל גרעסער ווי אין די לעצטע חדשים פון יאָר, דער עיקר באַמערקט זיך א פאַרקלענערונג פון דער צאָל חתונות אין די צייטן פון די גרויסע יום-טובים: פסח און סוכות.

פאַר דער צייט פון 1914—1918 איז די פאַרטיילונג פון די חתונות לויט די חדשים פאָרגעקומען אזוי:

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| יאַנוואַר | : | 14 | יולי | : | 10 |
| פעוואַל | : | 15 | אַווגוסט | : | 19 |
| מאַרט | : | 13 | סענטיאַבער | : | 12 |
| אַפריל | : | 12 | אָקטיאַבער | : | 13 |
| מאַי | : | 18 | נאָיאַבער | : | 23 |
| יוני | : | 25 | דעקאַבער | : | 18 |

דאָ זעט מען, אז אין די ערשטע חדשים פון יאָר איז די צאָל חתונות געווען קלענער ווי אין די לעצטע. דער מאַקסימום איז געווען אין יוני און אויך אין נאָיאַבער. אין די חדשים אפריל און סענטיאַבער—אין דער צייט פון פסח און סוכות איז די צאָל חתונות געווען די קלענסטע.

אייב מ'זאָל משער זיין, אז אין משך פון 1909—1913 איז די אידישע באַפעלקערונג באַשטאַנען פון 65,000 נפשות, וועט אויסקומען, אז אויף טויזנט פון דער אידישער באַפעלקערונג זיינען פאָרגעקומען אין יענער צייט

קנאַפּע 4 חתונות אַ יאָר. די דורכשניטלאַכע פּראָפּאָרציע פון דער צאָל חתונות צו דער באַפעלקערונג אין דער אַלגעמיינער סטאַטיסטישער וויסנשאַפט איז 7—8. אין דער אקופּאַציע-צייט האָט זיך אין ביאַליסטאָק די חתונה-ציפער ביי אידן אויפגעהויבן ביז 5,3 אויף 1000 איינוואוינער ביי אַ אידישער באַפעלקערונג פון 40,000 נפשות, וואָס מ'קען מיט אַ באַשטימטער זיכערקייט פעסטשטעלן לויט דער כמעט גענויער צאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע איז באַוואוסט פון דער ברויט-קאַרטן רעגיסטראַציע. ווי מ'זעט, האָט אין דער מלחמה-צייט די אידישע באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק ארויסגעגעבן אַ גרעסערע צאָל חתונות ווי אין שלום-צייט.

## 12. פאַרטיילונג פון די חתנים און כלות לויטן עלטער.

די פאַרטיילונג פון די חתנים און כלות לויטן עלטער שטעלט מיט זיך פאָר זייער אן אינטערעסאַנטן שטאָף, ווייל זי באַווייזט אונז באַשטימטע סאָציאַל-פּסיכאָלאָגישע אומשטאַנדן פון געזעלשאַפטלאַכן לעבן. א חוץ דעם איז באַקאַנט, אז וואָס גרעסער עס איז דער עלטער פון מאַן און פרוי—אַלץ אנדערש איז דער געזונט-מצב פון די קינדער, וואָס קומען ארויס פון די פּאָרן.

די פאַרטיילונג פון די 1241 מענער און פרויען, וואָס האָבן חתונה געהאַט אין 1909—1913 לויטן עלטער, זעט מען פון פאָלגנדיגער טאַבעלע:

טאַבעלע XX. דער עלטער פון חתנים און כלות פאַר 5 יאָר (1909—1913)

| עלטער-גרופּעס | מענער צאָל | מענער % | פרויען צאָל | פרויען % |
|---|---|---|---|---|
| ביז 20 יאָר | 13 | 1,1 | 184 | 14,8 |
| 21—25 „ | 488 | 39,3 | 738 | 59,5 |
| 26—30 „ | 464 | 37,4 | 244 | 19,7 |
| 31—40 „ | 225 | 18,2 | 55 | 4,3 |
| 41—55 „ | 36 | 2,9 | 16 | 1,3 |
| 56 און מער | 15 | 1,1 | 4 | 0,4 |
| בסך-הכל | 1241 | 100,- | 1241 | 100,- |

מיר זעען, אז נאָר 13 אָדער 1% פון חתנים פאַר די גאַנצע 5 יאָר זיינען געווען אינגער פון 20 יאָר; די כלות אין דעם עלטער זיינען געווען בסך-הכל 184 אָדער קרוב 15%. ביז 30 יאָר אלט זיינען געווען כלות 94%,

בעת חתנים נאָר 77,8% אין אין עלטער פון 31—40 יאָר זיינען די מענער געווען 18,2, פרויען נאָר 3%—4% ד. ה. פיר מאָל ווינציגער.

74,3% פון אַלע מיידלאַך, וואָס האָבן חתונה געהאַט, זיינען געוועזן ביז 25 יאָר אַלט ד. ה. ¾ פון אַלע פרויען. וועלכע האָבן חתונה געהאַט זיינען געוועזן ניט עלטער פון 25 יאָר, בעת די מענער אין דעם דאָזיגן עלטער זיינען געווען נאָר 501 אָדער 40,4% פון אַלע חתנים.

די פאַרטיילונג פון די מענער און פרויען לויט די עלטער-גרופּעס האָט זיך גאַנץ באַדייטנדיג געביטן אין די יאָרן 1914—1918, ווי מ'זעט פון פאָלגנדיגער טאַבעלע.

טאַבעלע XXI. עלטער פון חתנים און כלות פאַר 1914—1918.

| עלטער-גרופּעס | מענער | | פרויען | |
|---|---|---|---|---|
| | צאָל | % | צאָל | % |
| ביז 20 יאָר | 90 | 9,4 | 246 | 25,6 |
| 21—25 „ | 381 | 39,6 | 505 | 52,6 |
| 26—30 „ | 297 | 30,9 | 154 | 16,- |
| 31—40 „ | 109 | 11,3 | 35 | 3,7 |
| 41—55 „ | 61 | 6,4 | 15 | 1,5 |
| 56 און מער | 23 | 2,4 | 6 | 0,6 |
| בכּך-הכּל | 961 | 100,- | 961 | 100,- |

מ'זעט, אַז אין דער מלחמה-צייט האָט זיך באַדייטנדיג פאַרגרעסערט דער אנטייל פון די יונגע מענטשן, צווישן די מענער און פרויען, ביז 20 יאָר: 9,4% פון די חתנים און 25,6% פון די פרויען זיינען אלט געוועזן 20 יאָר און אינגער. באַזונדער בולט וואַרפט זיך אין די אויגן די פאַרגרעסערונג פון יונגע לייט — חתנים ביז 25 יאָר, אויסמאַכנדיג 49%, בעת אין די ערשטע 5 יאָר איז זי געווען נאָר 40,4%. גלייכצייטיג האָט זיך אויך באַדייטנדיג פאַרגרעסערט די באַטייליגונג פון דער עלטער-גרופּע פון באַיאָרנטע מענער (פון 41—55), וועלכע האָבן אויסגעמאַכט פאַר דער מלחמה נאָר 2,9% פון די מענער און אין דער מלחמה-צייט: 6,4%. אפילו די צאָל אַלטע לייט (פון 56 און העכער) האָט זיך אויך פאַרגרעסערט צווישן די חתנים פון 1,1% אויף 2,4%. מ'זעט, אַז אין דער מלחמה-צייט, ווען אַ סך פון די יונגע לייט האָבן זיך א וואָרף געטאָן אויף פאַרשיידענע געשעפטן און דערמיט אָפּט פאַרבעסערט זייער לאַגע, האָט זיך אויך באַדייטנדיג פאַרגרעסערט די צאָל חתונות צווישן זיי. אויך די עלטערע בחורים און די אלמנים האָבן אין דער צייט פון דער מלחמה געשלאָסן מער חתונות, ווי אין די שלום יאָרן.

אַ בולט'ן בילד איבער דעם עלטער פון די חתנים און כלות פאַר ביידע פעריאָדן גיט די קרומליניע פון עלטער, וועלכע ס'שטעלט מיט זיך פאָר די דיאגראמע 17. דאָ זיינען פאָרגעשטעלט די צאָלן פון חתנים און כלות אין יעדן עלטער, כדי צו זעהן אויף וועלכן יאָר ס'פאַלט די גרעסטע צאָל חתנים און כלות. ס'באַמערקט זיך, גלייך, אַז די מיידלאַך האָבן פריער חתונה און די גרעסטע צאל פון זיי זיינען זיך משדך מיט איינינע יאָר פריער ווי די גרעסטע צאָל מענער. אין די שפּעטערדיגע יאָרן פון לעבן זעט מען ווי די מענער־ליניע הויבט זיך אויף שטאַרקער איידער די פרויען־ליניע. דאָס ערקלערט זיך מיט דעם, וואָס די מענער אין עלטער איבער 40 יאָר האָבן גאַנץ אָפט שוין חתונה א צווייטן מאָל, ווייל די פרויען, ווי מיר ווייסן, שטאַרבן אין עלטער פון 30—40 אין אַ שטאַרקערער פּראָפּאָרציע ווי די מענער, און ס'ווערט אזוי אַרום באַשאַפן אַ גרויסע צאָל אַלמנים, וועלכע האָבן אין די שפּעטערדיגע יאָרן חתונה אַ צווייטן מאָל.

פאַרגלייכנדיג די קרומליניעס פאַר ביידע פעריאָדן, זעט מען, ווי משונה'דיג איז געוואָרן די פאָרם פון די ליניעס אין 1914—1918 אַנטקעגן דער, לפי ערך, זייער נאָרמאַלער פיגור פון 1909—1913; צוליב דעם, וואָס אין דער מלחמה־צייט האָבן די יונגע מענשן פון אַלע עלטער־קלאַסן אָנגעהויבן אין אַ גרויסער צאָל חתונה צו האָבן, האָט די פיגור פאַרלאָרן די פאָרם פון אַ דרייעק מיט אַ שאַרפן שפּיץ, ווי אין דער שלום־צייט, נאָר איז פאַנאַנדערגעצויגן געוואָרן אין א פאָרם פון אַ טראַפּעציע, וואָס באַווייזט אַז אין אַלע יאָרן פון 20—27 איז די צאָל חתנים און כלות געווען אַ סך גלייכמעסיגער ווי אין די שלום־יאָרן.

# 13. דורכשניטלאַכער עלטער פון חתן־כלה.

זייער אינטערעסאַנט דאַרף זיין פעסטצושטעלן אין וועלכן עלטער קומען פאָר די זיווגים צווישן זיך, ד. ה. ווי אַלט איז אין דורכשניט דער חתן אין יעדער עלטער־גרופּע און ווי גרויס איז דער דורכשניטלאַכער עלטער פון די מיידלאַך, מיט וועלכע די מענער האָבן חתונה געהאט. די פאָלגנדיגע טאַבעלעס ווייזן דעם דורכשניטלאַכן עלטער פון די מענער אין יעדער עלטער־גרופּע און דעם דורכשניטלאַכן עלטער פון די פרויען, מיט וועלכע די מענער פון יעדער גרופּע האָבן חתונה געהאַט.

טאַב. XXII. דורכשניטלאכער עלטער פון מענער און פרויען צו דער חתונה פאַר 1909—1913.

| עלטער-גרופעס | מענער: דורכשניטלאכער עלטער פון די חתנים | פרויען: דורכשנ. עלטער פון די כלות אויף יעדער מענער-גרופע | אונטערשייד אין עלטער פון די כלות |
|---|---|---|---|
| ביז 20 יאר | 19 | 21 | + 2 |
| 21—25 | 24 | 24 | 0 |
| 26—30 | 26 | 24 | − 2 |
| 31—35 | 33 | 25 | − 8 |
| 36—40 | 37 | 25 | −12 |
| 41—45 | 42 | 30 | −12 |
| 46—50 | 48 | 31 | −17 |
| 51—55 | 53 | 39 | −14 |
| 56—60 | 57 | 45 | −12 |
| 61 און מער | 67 | 50 | −17 |

טאַב. XXIII. דורכשניטלאכער עלטער פון מענער און פרויען צו דער חתונה פאַר 1914—1918.

| עלטער-גרופעס | מענער: דורכשניטלאכער עלטער פון די חתנים | פרויען: דורכשנ. עלטער פון די כלות אויף יעדער מענער-גרופע | אונטערשייד אין עלטער פון די כלות |
|---|---|---|---|
| ביז 20 יאר | 19 | 20 | + 1 |
| 21—25 | 23 | 22 | − 1 |
| 26—30 | 28 | 23 | − 5 |
| 31—35 | 33 | 25 | − 8 |
| 36—40 | 37 | 26 | −11 |
| 41—45 | 42 | 30 | −12 |
| 46—50 | 48 | 30 | −18 |
| 51—55 | 53 | 35 | −18 |
| 56—60 | 58 | 31 | −27 |
| 61 און מער | 68 | 44 | −22 |

ווי מ׳זעט פון די טאַבעלעס XXII און XXIII האָבן די בחורים ביז 20 יאָר שטענדיג חתונה געהאַט מיט פרויען, וואָס זײַנען עלטער פאַר זײ מיט 2-1 יאָר. בײַ דער צווייטער עלטער-גרופּע (21—25) איז דער עלטער פון די פרויען און מענער דער זעלביגער: 24 אין די יאָרן 1909—1913. אין דער צײַט פון דער מלחמה האָט זיך דער עלטער פון די מענער אַראָפּגעלאָזן ביז אויף 23 און בײַ פרויען—אויף 22. בײַ די ווײַטערדיגע גרופּעס פון מענער באַמערקט מען, אלס אַן אַלגעמיינעם כּלל, די ערשײַנונג, אַז דער עלטער פון די פרויען איז באַדײַטנדיג נידעריגער פאַר דעם עלטער פון די מענער, דערבײַ, ווערט דער אונטערשייד אַלץ גרעסער (פון 8 ביז 17 יאָר, אין מלחמה-צײַט אַפילו ביז 22) בײַ דער העכערונג פון די עלטער-גרופּעס פון די מענער. אין דער שלום-צײַט איז דער אונטערשייד פון די לעצטע 4 גרופּעס (פון 46 יאָר אָן) געווען: 17, 14, 12 און 17 און אין דער מלחמה-צײַט: 18, 18, 27 און 22, וואָס באַווײַזט, אַז די טענדענץ פון עלטערע מענער חתונה צו האָבן מיט אינגערע פרויען האָט זיך במשך פון דער מלחמה-צײַט באַדײַטנדיג פאַרשטאַרקט.

דער פאַרגלײַך פון דעם עלטער פון פרויען אין בײדע טאַבעלעס ווײַזט, אַז אין דער מלחמה-צײַט, האָט זיך דער עלטער פון די פרויען, וואָס האָבן חתונה געהאַט, פאַרקלענערט אין אַ מער באַדײַטנדיגן אופן ווי דער עלטער

פון די מענער. דער דורכשניטלאַכער עלטער פון די פרויען, וואָס האָבן חתונה געהאַט פאַר די מענער פון די ערשטע 3 שטופעס איז געווען פאַר דער מלחמה: 21, 24, 24 יאָר און אין דער מלחמה-צייט: 20, 22, 23. דער דורכשניטלאַכער עלטער פון די מענער פון די ערשטע 3 גרופּעס איז געווען פאַר דער מלחמה: 19, 24, 26, אין דער מלחמה-צייט: 19, 23, 28. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז אויך דער עלטער פון די פרויען, מיט וועלכע די מענער פון די עלטערע גרופּעס האָבן חתונה געהאַט, האָט זיך באַדייטנדיג פאַרקלענערט: פאַר דער מלחמה איז דער עלטער פון די פרויען פאַר די דאָזיגע עלטערע קלאַסן פון די מענער געווען 39, 45, 50, אין דער מלחמה-צייט 35, 31, 44.

אינטערעסאַנט איז צו געפינען דעם דורכשניטלאַכן עלטער-קאָעפיציענט פון די געשלעכטער ביי די חתונות, ד. ה., למשל, וויפיל פון 100 חתנים אין עלטער פון 21—25 יאָר נעמען כלות אין זעלבינן עלטער און וויפיל נעמען אינגערע אָדער עלטערע כלות. דאָס זעלבינם וויפיל כלות פון איין באַשטימטן עלטער (למשל פון 26—30) נעמען אינגערע חתנים, עלטערע אָדער פון זעלבינן עלטער. אַזא פאַרגלייך איז געמאַכט געוואָרן אין דער טאַבעלע XXIV בנוגע צו די חתנים און אין דער טאַבעלע XXV בנוגע צו די כלות פאַר דעם גאַנצן צעניאָריגן פעריאָד.

טאַבעלע XXIV. די דורכשניטלאַכע יערלאַכע צאָל חתונות לויטן עלטער פון די מענער און די צאָל פרויען לויטן עלטער, וואָס קומט אויס אויף יעדער מענער-גרופּע פאַר 1909—1918.

| מענער: עלטער-גרופּעס | מענער: צאל חתנים | מענער: פון 100 חתנים | פרויען: ביז 20 יאר – צאל כלות | ביז 20 יאר – אויף 100 חתנים | 21—25 – צאל כלות | 21—25 – אויף 100 חתנים | 26—30 – צאל כלות | 26—30 – אויף 100 חתנים | 31—40 – צאל כלות | 31—40 – אויף 100 חתנים | 41 און מער – צאל כלות | 41 און מער – אויף 100 חתנים | בסך-הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ביז 20 יאר | 10 | 5 | 6 / — | — / 60 | 4 / — | — / 40 | | | | | | | — / 100% |
| 21—25 | 87 | 39 | 22 / --- | — / 25 | 53 / — | — / 61 | 11 / — | — / 13 | 1 / — | — / 1 | | | — / 100% |
| 26—30 | 76 | 35 | 12 / — | — / 16 | 46 / — | — / 60 | 15 / — | — / 20 | 3 / — | — / 4 | | | — / 100% |
| 31—40 | 33 | 15 | 3 / — | — / 10 | 18 / — | — / 54 | 11 / — | — / 33 | 1 / — | — / 3 | | | -- / 100% |
| 41 און מער | 14 | 6 | — / — | — / — | 3 / — | — / 21 | 3 / — | — / 21 | 4 / — | — / 29 | 4 / — | — / 29 | — / 100% |
| בסך-הכל | 220 | 100% | 43 | 20% | 124 | 56% | 40 | 18% | 9 | 4% | 4 | 2% | — / 100% |
| 220 מענער | | | 220 פרויען | | | | | | | | | | |

ווי מ'זעט פון דער טאַבעלע, זיינען 40% פון די כלות, וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט די חתנים אין עלטער ביז 20 יאָר, עלטער געווען פאַר זייערע מענער. ביי די עלטערע מענער-גרופעס ווערט דער % פון עלטערע כלות (וואָס זיינען עלטער פאַר די חתנים) אַלץ קלענער: ביי די מענער פון 21—25: 14; 26—30: 4; 31—40: 0.

די כלות אין עלטער פון 21—25 יאָר מאַכן אויס כמעט דעם זעלבינגן % הן ביי יונגע חתנים (21—25), הן ביי עלטערע (26—30) און ער באַטרעפט קרוב 60—61. אין דער צייט אָבער, וואָס ביי די יונגע חתנים בילדן די גאָר יונגע כלות 25 % און די עלטערע (26—30) נאָר 13%, קומט אויס, אַז ביי די עלטערע חתנים (26—30) זיינען בלויז 16% גאָר יונגע כלות און 20% כלות פון זעלבינגן עלטער. דערפון, זעען מיר אַז 1) די גאָר יונגע חתנים (ביז 20 יאָר) זיינען נוטה אויסצוקלייבן פאַר זיך כלות, מיידלאַך, וואָס זיינען אַביסל עלטער פון זיי 2) אַז די יונגע חתנים זיינען נוטה חתונה צו האָבן מיט גאַנץ יונגע מיידלאַך און 3) אַז די עלטערע חתנים, זיינען ווינציג נוטה חתונה צו האָבן מיט גאָר יונגע מיידלאַך. משמעות, אַז די חתנים פון דער 3-טער עלטער-גרופע זיינען מער בודק אויף די ערנסטקייט פון די כלות און זיינען פאַרזיכטיג לגבי דער סכנה פון לייכטזיניגקייט ביי דער דורכפירונג פון דעם וויכטיגסטן שריט אין לעבן...

ביי עלטערע חתנים (העכער פון 30) זעט מען אַ בולטע טענדענץ חתונה צו האבן מיט יונגע כלות, וואָס מיר וועלן נאָך באַזונדער באַהאַנדלען שפעטער באריכות.

טאַב. XXV. די דורכשנ. יערלאַכע צאָל חתונות לויט דעם עלטער פון די פרויען און די צאָל מענער, וואָס קומט אויס אויף יעדער פרויען-גרופע פאַר 1909-1918.

| פרויען: עלטער-גרופעס | צאל כלות | פון 100 כלות | מענער: ביז 20 יאר — צאל חתנים | ביז 20 יאר — אויף 100 כלות | 21—25 — צאל חתנים | 21—25 — אויף 100 כלות | 26—30 — צאל חתנים | 26—30 — אויף 100 כלות | 31—40 — צאל חתנים | 31—40 — אויף 100 כלות | 41 און מער — צאל חתנים | 41 און מער — אויף 100 כלות | בסך-הכל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ביז 20 יאר | 43 | 20 | 6 | 14 | 22 | 51 | 12 | 28 | 3 | 7 | | | 100% |
| 21—25 | 124 | 56 | 4 | 3 | 53 | 43 | 46 | 37 | 18 | 15 | 3 | 2 | 100% |
| 26—30 | 40 | 18 | — | — | 11 | 28 | 15 | 38 | 11 | 28 | 3 | 6 | 100% |
| 31—40 | 9 | 4 | — | — | 1 | 11 | 3 | 34 | 1 | 11 | 4 | 44 | 100% |
| 41 און מער | 4 | 2 | — | — | — | — | — | — | — | — | 4 | 100 | 100% |
| בסך-הכל | 220 | 100% | 10 | 5% | 87 | 39% | 76 | 35% | 33 | 15% | 14 | 6% | 100% |
| 220 פרויען | | | 220 מענער | | | | | | | | | | |

ווי מ׳זעט פון דער טאַבעלע, נעמען גאַנץ יונגע כּלות (ביז 20 יאָר) דער עיקר יונגע חתנים (21—25), ווייל 51% פון אַזעלכע כּלות האָבן חתונה געהאַט מיט מענער פון דער דאָזיגער גרופּע. יונגע כּלות (פון 21—25) האָבן דער עיקר חתונה מיט מענער פון דעמזעלבּיגן עלטער, דאָס גלייכן פרויען אין עלטער פון 26—30 יאָר. דער לעצטער פאַקט באַשטעטיגט דעם זעלביגן כּלל, וועלכן מיר האָבן שוין געזען אין דער פאָרלעצטער טאַבעלע, אַז די מענער אין עלטער פון 26—30 זיינען דער עיקר נוטה אויסצוקלייבן כּלות פון דעמזעלבּיגן עלטער, ווי זיי, און זיינען באַזונדער פּאָזיטיוו לגבי לייכטזיניגע שדוכים מיט גאַנץ יונגע מיידלאך, ווי דאָס איז באַזונדער קענטיג ביי אינגערע בחורים.

עלטערע פרויען (31—40) האָבן חתונה אין אַ גאַנץ באַדייטנדיגן טייל (34%) מיט יונגע לייט פון 26—30, הגם דער גרעסטער טייל פון זיי (44%) איז זיך משדך מיט עלטערע מאַנספּאַרשוינען.

ווי מ׳זעט פון ביידע טאַבעלעס, האָבן פאַר די 10 יאָר נאָך 5% פון די מענער חתונה געהאַט ביז 20 יאָר, ביי די פרויען איז דער דאָזיגער טייל כּלות געווען 20%. זייער אינטערעסאַנט איז צו באַמערקן, אַז הן ביי די מענער, הן ביי די פרויען, מאַכט אויס די פּערזאָנען-גרופּע אין עלטער פון 21—30 יאָר דעם גלייכן טייל ביי חתנים און כּלות: 74%, דערביי קומט אָבער אויס, אַז ביי די כּלות זיינען די אינגערע פּערזאָנען (ביז 25 יאָר) געווען 56%, ביי די מענער אָבער—בלויז 39%. דערפון קענען מיר באַקומען דריי כּללים, פאַר דער עלטער-פאַרהעלטעניש פון די חתנים און כּלות: 1) אַז כּמעט דערזעלביגער טייל פון חתנים און כּלות (3/4) האָבן חתונה אין עלטער פון 21—30 יאָר, 2) אַז ביי די פרויען איז בולט קענטיג די טענדענץ צו חתונה האָבן אין עלטער ביז 25 יאָר, און 3) אז הגם די חתנים פון 21—25 יאָר און 26—30 מאַכן אויס כּמעט דעם גלייכן טייל פון דער אַלגעמיינער צאָל חתנים, איז פאַראַן אַ טענדענץ, אַז די צאָל אינגערע חתנים שטייגן אַ ביסל איבער די צאָל עלטערע.

וואָס איז נוגע אַלטע כּלות און חתנים קען מען באַמערקן, אַז איטלעכער 4 עלטערע מענער (31—40) קומט אויס ביי זייערע חתונות נאָך 1 פרוי פון זעלביגן עלטער, ווייל אין דער דאָזיגער עלטער-מדרגה האָבן חתונה געהאַט 15% מענער און בלויז 4% פרויען. גינסטיגער איז די לאַגע פאַר באַיאַרנטע פרויען (עלטער ווי 40 יאָר): 2% פרויען און 6% מענער זיינען געווען צו דער חתונה אין דעם דאָזיגן עלטער ד. ה. אַז אויף 3 באַיאַרנטע מענער, וואָס האָבן חתונה קומט אויס 1 פרוי. אין דער צייט אָבער, וואָס אַלע פרויען (100%) אין דעם דאָזיגן עלטער, ווי מ׳זעט פון דער טאַב. XXV, האָבן חתונה מיט באַיאַרנטע מענער, האָבן פון די מענער נאָר 29%, ווי מ׳זעט פון דער טאַבעלע XXIV, זיך משדך געווען מיט באַיאַרנטע פרויען און 71%—מיט אינגערע פרויען.

דער דורכשניטלאַכער עלטער פון די מענער, וואָס האָבן חתונה געהאַט, איז אין דער שלום-צייט געווען 28,1 און אין דער מלחמה-צייט—27,8 יאָר,

בײַ די פרויען 24,6 און 23,7 ר. ה. די „פאַראינגערונג" האָט זיך אָפּגערופן שטאַרקער אויף די פרויען ווי אויף די מענער, בײַ וועלכע דער דורכשניטלאַכער חתונה-עלטער איז פאַרקלענערט געוואָרן אויף 0,3 יאָר, בעת בײַ די פרויען איז די פאַרקלענערונג געווען 0,9 יאָר.

## 14. ניט קיין „גלייכע" חתונות.

די ערשײַנונג, אויף וועלכער מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז אין דער מלחמה-צײַט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ בולטע מענדענץ, אַז די דיפערענץ אין עלטער פון די מענער און פרויען זאָל זיך באַרײַטנדיג פאַרגרעסערן אין פאַרגלײַך מיט שלום-צײַט, וועט ווערן באַזונדער דײַטלאַך פון די פאָלגנדיגע צוויי טאַבעלעס. אין זיי ווערט אַנטקעגנגעשטעלט די צאָל מענער פון אַלע עלטערע קלאַסן (פון 41 יאָר און העכער) מיט דער צאָל פרויען, וואָס האָבן מיט זיי חתונה געהאַט און זײַנען געווען אינגער פון די מענער מיט 15-20 יאָר, אין די פעריאָדן פון 1909—1913 און 1914—1918.

טאַבעלע XXVI. חתונה-סטאַטיסטיק פון באַיאָרנטע מענער מיט יונגע פרויען פאַר 1909—1913.

| עלטער-גרופּע | צאל חתנים | אין עלטער ביז: | צאל כלות | 0/0 פון יונגע כלות צו דער צאל אַלטע חתנים |
|---|---|---|---|---|
| 45—41 | 22 | 30 יאר | 14 | 64,- |
| 50—46 | 9 | „ 35 | 6 | 66,6 |
| 55—51 | 5 | „ 40 | 1 | 20,- |
| 60—56 | 4 | „ 40 | 1 | 25,- |
| 61 א. מער | 11 | „ 45 | 4 | 36,3 |
| בסך-הכל | 51 | — | 26 | 50,1 |

טאַבעלע XXVII. חתונה-סטאַטיסטיק פון באַיאָרנטע מענער מיט יונגע פרויען פאַר 1914—1918.

| עלטער-גרופּע | צאל חתנים | אין עלטער ביז: | צאל כלות | 0/0 פון יונגע כלות צו דער צאל אַלטע חתנים |
|---|---|---|---|---|
| 45—41 | 26 | 30 יאר | 18 | 69,2 |
| 50—46 | 18 | „ 35 | 12 | 66,6 |
| 55—51 | 17 | „ 40 | 12 | 70,6 |
| 60—56 | 8 | „ 40 | 6 | 75,- |
| 61 א. מער | 15 | „ 45 | 7 | 46,6 |
| בסך-הכל | 84 | — | 55 | 65,5 |

ווי מ'זעט פון דער טאַבעלע XXVI און XXVII, האָט זיך דער טייל פון די כלות, וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט מענער עלטער פון זיי אויף 15—20 יאָר, פאַרגרעסערט אין אבסאָלוטע צאָלן מער ווי טאָפּל (פון 26—55) און אין % צו דער אַלגעמיינער צאָל פון די שרוכים פון די באַיאָרנטע מענער —האָט די פאַרגרעסערונג אויסגעמאַכט 15,4% (50,1—65,5). באַזונדער קענטיג איז די אומנאָרמאַלע פאַרגרעסערונג אין דער צאָל פון אַזעלכע „ניט גאַנץ-גלײַכע פּאָרן" אין דער מלחמה-צײַט בײַ די מענער פון 50—60

יאָר: בעת דער שלום־צייט האָבן אַזעלכע מענער (9) נאָר אין 25% פון דער גאנצער צאָל חתונות אין זייער גרופּע גענומען יונגע פרויען, און אין דער מלחמה־צייט האָבן אַזעלכע „זקנים" אין 18 פאַלן פון 25, ד. ה. אן ערך 75%, חתונה געהאט מיט יונגע ווייבלאַך און מיידלאַך.

נאָך דייטלאַכער ווערט די דאָזיגע ערשיינונג, וועלכע איז איינע פון די אויסדרוקס־פאָרמען פון דער מלחמה־מאראַל, בשעת מ׳פארגלייכט די חתונות צווישן די עלטערע מענער (פון 50 יאָר אן) מיט יונגע מיידלאַך אין אַ עלטער, וואָס איז 2 מאָל קלענער, ווי דער עלטער פון די מענער.

טאַבעלע XXVIII. מענער אין עלטער פון 51 און העכער, וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט מיידלאַך, וואָס זיינען 2 מאָל אינגער פאַר זיי.

1913—1909

| עלטער־גרופּעס פון די מענער | צאָל חתנים בכלל | צאָל חתנים וואָס האָבן גענומען כלות וואָס זיינען 2 מאָל אינגער פון זיי אַליין | % צו דער אַלגעמ. צאל חתנים |
|---|---|---|---|
| 55—51 | 5 | 1 | 20 |
| 60—56 | 4 | 1 | 25 |
| 61 און מער | 11 | — | — |
| בסך־הכל | 20 | 2 | 10 |

1918—1914

| עלטער־גרופּעס פון די מענער | צאָל התנים בכלל | צאָל חתנים וואָס האָבן גענומען כלות וואָס זיינען 2 מאָל אינגער פון זיי אַליין | % צו דער אַלגעמ. צאל חתנים |
|---|---|---|---|
| 55—51 | 17 | 6 | 35,3 |
| 60—56 | 8 | 4 | 50,- |
| 61 און מער | 15 | 4 | 26,6 |
| בסך־הכל | 40 | 14 | 35,- |

ווי מ׳זעט, האָט זיך די צאָל אלטע מענער, וואָס האָבן חתונה געהאַט פאַרטאָפּלט (פון 20 אויף 40); די צאָל התנים, וואָס האָבן גענומען די גאנץ יונגע כלות (2 מאָל אינגערע פון זיי) האָט זיך אָבער פאַרגרעסערט אין 7 מאָל (פון 2 ביז 14); דער % פון די חתנים, וואָס האָבן גענומען די דאָזיגע כלות האָט אויסגעמאַכט אין דער שלום־צייט נאָר 10, אין דער מלחמה־צייט האָט זיך דער % פאַרגרעסערט ביז 35.

צוליב דער גרויסער מלחמה־נויט, האָט בלי־ספק, אַ גאנץ באַדייטנדיגער טייל פון די יונגע פרויען זיך באַשלאָסן חתונה צו האָבן מיט אַלטע מענער און די דאָזיגע ערשיינונג האָט זיך בולט ארויסגעוויזן ביי דער חתונה־סטאַטיסטיק פון דער אידישער באַפעלקערונג אין ביאַליסטאָק.

## 15. פאמיליען־צושטאנד פון חתן־כלה.

אַ גרויסן אינטערעס האָט פאַר דער חתונה־סטאַטיסטיק די פאַמיליען־לאגע פון חתן־כלה, ד. ה.—צי האָט די פּערזאָן שוין אַ מאָל חתונה געהאַט אָדער ניט.

לויט דעם פאַמיליען־מצב פון די חתנים (בחורים, גרושים, אלמנים) טיילן זיך די מענער פאַר 1909—1913 און 1914—1918 אויף אַזאַ אופן:

טאַבעלע XXIX. פאַרטיילונג פון חתנים פאַר 1909—1913 און 1914—1918 לויט פאַמיליען־מצב.

| פאמיליען־מצב | 1909—1913 צאָל | 1909—1913 % | 1914—1918 צאָל | 1914—1918 % |
|---|---|---|---|---|
| בחורים | 1148 | 92,4 | 845 | 87,9 |
| גרושים | 29 | 2,3 | 26 | 2,7 |
| אלמנים | 64 | 5,3 | 90 | 9,4 |
| בכך־הכל | 1241 | 100% | 961 | 100% |

ווי מ'זעט האָט זיך באַדייטנדיג פאַרגרעסערט דער טייל אַלמנים צווישן די מענער אין משך פון דער מלחמה־צייט (פון 5,3 אויף 9,4), דער טייל גרושים איז געבליבן דערזעלביגער און דער אַנטייל פון די בחורים האָט זיך אַ ביסל פאַרקלענערט.

לויט דעם פאַמיליען־מצב פון די כלות (מיידלאַך, גרושות, אַלמנות) טיילן זיך די פרויען פון ביידע פעריאָדן אויף אַזאַ אופן:

טאַבעלע XXX. פאַרטיילונג פון די כלות פאַר 1909—1913 און 1914—1918 לויט פאַמיליען־מצב.

| פאמיליען־מצב | 1909—1913 צאָל | 1909—1913 % | 1914—1918 צאָל | 1914—1918 % |
|---|---|---|---|---|
| מיידלאַך | 1199 | 96,6 | 906 | 94,3 |
| גרושות | 17 | 1,4 | 23 | 2,4 |
| אלמנות | 25 | 2,- | 32 | 3,3 |
| בכך־הכל | 1241 | 100% | 961 | 100% |

דער % מיידלאַך צווישן די כלות איז, ווי מ'זעט, אַ ביסל קלענער גע־וואָרן דערפאַר איז אויף זיין חשבון געוואַקסן דער טייל פון די גרושות און

אלמנות. אין פאַרגלײַך מיט דער פאַרגרעסערונג פון דעם % חתנים-אַלמנים פאר דער מלחמה-צײַט, קען די העכערונג פון % פון די אלמנות (1,3) גע-רעכנט ווערן פאר זײַער אַ אומבאַדײַטנדיגע, בפרט, אַז מ׳נעמט אין באַטראַכט, אַז אין יעדער באַפעלקערונג געפינען זיך שטענדיג בכלל מער אַלמנות ווי אַלמנים. כאַראַקטעריסטיש איז, אַז די גאַנצע פאַרגרעסערונג פון טייל פון די אַלמנות און גרושות איז פאַרגעקומען אויפן חשבון פון יונגע פרויען. אַזוי זײַנען פאַר 1909—1913 געווען צווישן די אַלמנות און גרושות, וועלכע האָבן דעם צווייטן מאָל חתונה געהאַט (42), 57,1% (24) אין עלטער ביז 40 יאָר, אין דער מלחמה-צײַט אָבער זײַנען אַזעלכע כלות געווען 61,8% (34 פון 55). די פאַרגרעסערונג פון די אלמנים צווישן די חתנים איז דאַגעגן פאָרגעקומען אויפן חשבון פון אַלטע מענער: אַזוי זײַנען פאַר 1909—1913 צווישן אַלע אלמנים וואָס האָבן חתונה געהאַט (164), געווען 36% (23) אין עלטער פון 46 יאָר און מער; פאַר דער צײַט 1914—1918 איז די צאָל פון אַזעלכע חתנים געווען 52 פון 90 אָדער 57,7 %.

חתונות פון בחורים מיט מיידלאַך רופן זיך אָן ערשטע חתונות און זיי בילדן, פאַרשטייט זיך, דאָס רוב פון אַלע חתונות בײַ פאַרשיידענע פעלקער. אין ביאַליסטאָק זײַנען די חתונות צווישן דער אידישער באַפעלקערונג פאָר-געקומען אין דעם פרט אַזוי:

טאַבעלע XXXI. פאַרטיילונג פון די חתנים און כלות לויט דעם פאַמיליען-מצב.

| יאָרן | צאָל חתונות | חתנים-בחורים: צאָל חתנים: בחורים | חתנים-בחורים: % פון זיי וועלכע האָבן גענומען מיידלאַך | חתנים-בחורים: % פון זיי וועלכע האָבן גענומען אלמנות און גרוש. | חתנים-אלמנים און גרושים: צאָל חתנים: אלמנים און גרושים | חתנים-אלמנים און גרושים: % פון זיי וועלכע האָבן גענומען מיידלאַך | חתנים-אלמנים און גרושים: % פון זיי וועלכע האָבן גענומען אלמנות און גרוש. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1909 | 273 | 244 | 99,2 | 0,8 | 29 | 58,6 | 41,4 |
| 1910 | 256 | 241 | 99,2 | 0,8 | 15 | 80,- | 20,- |
| 1911 | 227 | 213 | 100 | — | 14 | 80,- | 20,- |
| 1912 | 231 | 210 | 99,- | 1,- | 21 | 62,- | 38,- |
| 1913 | 254 | 240 | 98,3 | 1,7 | 14 | 64,3 | 35,7 |
| בס"ה 1909-1914 | 1241 | 1148 | 99,- | 1,- | 93 | 66,6 | 33,4 |
| 1914 | 184 | 173 | 99,- | 1,- | 11 | 63,6 | 36,4 |
| 1915 | 84 | 78 | 98,7 | 1,3 | 6 | 66,6 | 33,4 |
| 1916 | 175 | 155 | 99,- | 1,- | 20 | 50,- | 50,- |
| 1917 | 160 | 144 | 99,3 | 0,7 | 16 | 68,7 | 31,3 |
| 1918 | 358 | 295 | 100,- | — | 63 | 55,5 | 44,5 |
| בס"ה 1914-1918 | 961 | 845 | 99,3 | 0,7 | 116 | 57,9 | 42,1 |
| בס"ה 1909-1918 | 2202 | 1993 | 99,1 | 0,9 | 209 | 61,7 | 38,3 |

ווי מ'זעט פון דער טאַבעלע, איז דער % פון די חתנים-בחורים, וואָס האָבן חתונה געהאט מיט מיידלאַך געווען זייער אַ גרויסער, וואָס איז אַ פועל-יוצא דערפון, וואָס איז זייער גרויס דער % פון ערשטע חתונות, ווייל ביי די איבערגעחזרטע חתונות, איז שטענדיג גרעסער דער % חתנים, וואָס האָבן חתונה מיט אלמנות און גרושות, ווי ביי די ערשטע חתונות. אין דער מלחמה-צייט איז דער % חתנים-בחורים, וועלכע האָבן גענומען כלות-מיידלאַך אביסל פארגרעסערט געוואָרן אפילו (אויף 0,3%), וואָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס ס'איז בכלל נידעריגער געוואָרן דער עלטער פון די מענער חתנים, ווי מיר האָבן שוין פריער געזען, און ביי אינגערע חתנים מוז דער % ערשטע חתונות זיין נאָך אַ גרעסערער.

ס'איז במשך פון דער מלחמה-צייט קלענער געוואָרן דער % פון אלמנים, וועלכע האָבן חתונה געהאט מיט מיידלאַך (פון 66,6—57,9), דאָס ערקלערט זיך מיט דעם, וואָס איז במשך פון דער מלחמה פאַרגרעסערט געוואָרן, ווי מיר האָבן שוין געזען, די צאָל אלמנות, וועלכע האָבן צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט, און ס'איז פאַרשטענדלאַך, אַז מיט זיי האָבן, דער עיקר, חתונה אלמנים. פון דער אַנדערער זייט, איז זייער באַדייטנדיג פאַרגרעסערט געוואָרן אויך דער אנטייל פון אַלמנים צווישן אלע חתנים און דאָס מוז זיך אָפּרופן, צוליב דעם זעלבינן טעם, אויך אויף דער פאַרקלענערונג פון דער צאָל חתונות צווישן אלמנים און מיידלאַך.

די פארטיילונג פון די חתנים און כלות אין זייער געגנזייטיגער פארבינדונג לויט דעם פאַמיליען-מצב (בחורים מיט מיידלאַך, אַלמנים מיט מיידלאך, אלמנים מיט גרושות) קען פאָרגעשטעלט ווערן פאר ביידע פעריאָדן דורך די פאָלגנדיגע טאַבעלעס:

טאַב. XXXII. פארטיילונג פון די מענער און זייערע כלות אין 1909—1913 לויט פאמיליען-מצב.

| מענער | | פרויען | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | מיידלאַך | | גרושות | | אלמנות | |
| פאמיליען-מצב | צאָל | צאָל | אויף 100 חתונות | צאָל | אויף 100 חתונות | צאָל | אויף 100 חתונות |
| בחורים | 1148 | 1137 | 91,4 | 7 | 0,7 | 4 | 0,3 |
| גרושים | 29 | 25 | 2,- | — | — | 4 | 0,3 |
| אלמנים | 64 | 37 | 3,1 | 10 | 0,8 | 17 | 1,4 |
| בסך-הכל | 1241 | 1199 | 96,5- | 17 | 1,5 | 25 | 2,- |

ווי מ'זעט פון דער טאבעלע XXXII זיינען 91.4% פון אלע חתונות פאר 1909—1913 פארגעקומען צווישן בחורים און מיידלאך און 1,4—צווישן אלמנים און אלמנות. אינטערעסאנט איז צו באמערקן, אז גרושים נעמען, דער עיקר, צווייטע ווייבער פון מיידלאך און פאר די גאנצע 5 יאר איז ניט געווען קיין איינציגער פאל, ווען א גרוש זאל נעמען א גרושה. בחורים און גרושים האבן פאר דער צייט אין 8 פאלן .חתונה געהאט מיט אלמנות און אלמנים מיט גרושות—אין 10 פאלן.

פאר די צווייטע פינף יאר איז פארגעקומען ביי דער ביאליסטאקער אידישער באפעלקערונג א שינוי אין דעם דאזיגן פרט פון דער חתונה-סטאטיסטיק, ווי ס'ווייזט די טאבעלע.

טאב. XXXIII. פארטיילונג פון די חתנים און זייערע כלות לויט דעם פאמיליען-צושטאנד אין די יארן 1914—1918.

| מענער: פאמיליען-מצב | מענער: צאל | פרויען: מיידלאך — צאל | מיידלאך — אויף 100 חתונות | גרושות — צאל | גרושות — אויף 100 חתונות | אלמנות — צאל | אלמנות — אויף 100 חתונות |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| בחורים | 845 | 839 | 87,3 | 2 | 0,2 | 4 | 0,4 |
| גרושים | 26 | 17 | 1,9 | 5 | 0,4 | 4 | 0,4 |
| אלמנים | 90 | 50 | 5,2 | 16 | 1,8 | 24 | 2,4 |
| בסך-הכל | 961 | 906 | 94,4 | 23 | 2,4 | 32 | 3,2 |

ווי מ'זעט פון די טאבעלעס XXXII און XXXIII זיינען אין משך פון דער מלחמה-צייט פארגעקומען צוויי קענטיגע שינוים בנוגע צו דער געגנזייטיגער באציהונג פון חתן-כלה לויט דעם פאמיליען-צושטאנד: 1) ס'האט זיך פארגרעסערט דער צאל גרושות, וואס האבן צום צווייטן מאל חתונה געהאט (פון 17 אויף 23). בעת דער מלחמה זיינען פארגעקומען 5 חתונות (0,4%) צווישן גרושים און גרושות, אין דער צייט, ווען אין ערשטן פעריאד זיינען אזעלכע חתונות אינגאנצן ניט פארגעקומען. 2) די אלמנים, וואס האבן חתונה מיט מיידלאך, זיינען פאר דער מלחמה געווען אין צאל פון 3,1% צו אלע חתונות און אין מלחמה-צייט 5,2%. ס'איז לייכט צו באמערקן, אז ביידע ערשיינונגען זיינען אין א באשטימטער מאס א פועל-יוצא פון דער „מלחמה-מאראל", ווי מיר האבן אויף דעם שוין אנגעוויזן אין פריערדיגן קאפיטל. מ'קען

אַרויסזאָגן אַ השערה, אַז צוליב די מלחמה־פאַרהעלטנישן האָבן יונגע לייט משפיע געווען אויף יונגע פרויען, אַז זיי זאָלן אַוועקוואַרפן זייערע מענער און חתונה האָבן מיט זיי. דאָס ווערט אויך באַשטעטיגט דורך דעם פאַקט, אַז פאַר 1913-1909 זיינען צווישן אַלע גרושות, וועלכע האָבן צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט (17) געווען 8 אין עלטער ביז 35 יאָר, אָדער 47%, אין דער מלחמה־צייט זיינען צווישן אַלע גרושות, וואָס האָבן צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט (23), געווען שוין 16 יונגע (ביז 35 יאָר), אָדער 70%.



